


**Żydowska gazeta illustrowana.**

Wychodzi każdego piątku.

**Prenumerata wynosi:** Rocznie 10 K. — 5 Rbs. Półrocznie 5 K. — 2.50 Rbs. Kwartalnie K 2.75 = 1.50 Rbs.

Pojedynczy egzemplarz 20 h. = 10 Kop.

**Redakcya i Administracya: Kraków, Grodzka 62.**



**Jüdische Illustrierte Zeitung.**

ערשיינט יעדען פריימאַג.

אבאנאמענטס־פרייז: יעהרליך: 10 קראָנען, = 5 רובל. האלביעהריג 5 קראָנען = 2.50 רובל. פיערטעל יעהרליך 2.75 קראָנען, = 1.50 רובל.

איינצעלנע נומער 20 העללער 10 קאפ.

אין אנדערע לענדער: יעהרליך 15 פראנק, האלביעהריג 7.50 פיערטעליעהריג 4 פראנק.

רעדאקציאן און אדמיניסטראציאן: קראקא גראדזקא 62. טעלעפאָן נר' 412.
פאסטשפארקאסען־קאנטא נר' 67,341. עסטערר.

# לופטבאלאָנ־קאטאסטראָפעס אין פראנקרייך.

לופטבאלאָנ־קאטאסטראָפעס אין פראנקרייך: דער באלאָן רעפובליק עקספלאדירט און פאלט אראָב מיט די רייזענדע.

אינהאלט: די אונגארישע קריזע. — א מתנה פון אמעריקאנישען מיליאנער פאר׳ן קאיזער. — פערשווערונגען אויף דעם באלקאן — פערלאבונג פון פארטוגיעזישען קעניג.

# צו די לעזער.

מיט דעם 1 אקטאבער האט זיך אנגעהויבען דאס 4־טע קווארטאל. מיר בעטען אלע אבאנענטען, וואס זייער אבאנעמענט ענדיגט זיך איצט, זיי זאלען עס תיכף ערנייערן, כדי מיר זאלען נישט מוזען אונטערברעכען די צושיקונג פו׳ם בלאט.

די פ. ט. אגענטען ווערען אויפגעפאדערט תיכף צו בעגלייכען זייערע רעכנונגען, ווייל זאנסט וועלען מיר זיי נישט מעהר צושיקען די בלעטער.

אונזער הויפטפערטרעטער אין רוסלאנד איז: י. מערעצקי, ווארשא, כמיעלנא נו׳ 44. פיליאלע אין לאדז: פשעיאזד נו׳ 16.

אין רומעניען: דאוויד הערצבערג, יאסי, סטראדא סאראדיע נו׳ 151.

אין בעלגיען: ס. קאהאן, אנטווערפען.

אין אמעריקא: ש. דרוקערמאן, ניו־יארק, 50 קאנאל־סטריט.

# די אדמיניסטראציע.

---

# די אונגארישע קריזע.

די מיניסטער קריזע אין אונגארן האט איצט אנגענומען דעם שארפסטען כאראקטער. אין דער זיצונג פון רייכסטאג, וואס איז פארגעקומען אם 28 סעפטעמבער, האט מיניסטערפרעזידענט דר. וועקערלע מודיע געווען, אז די רעגיערונג האט איבערגערייכט איהר רעמיסיע, ווייל די פארטייען, אויף וועלכע זי האט זיך ביז איצט געשטיצט, זענען זיך צעפאלען און האלטען זיך נישט מעהר אין איינעם ווי פריהער.

דאס הייסט, מיט פשוט׳ע ווערטער, אז די ביזהעריגע פארטיי־קאאליציע אויף וועלכער די רעגיערונג האט זיך געשטיצט, הערט אויף צו עקסיסטירען און איצט זענען נאר פאראהאנען צוויי ברירות: אדער צו רעגיערונג מיט די 67־נער פארטייען. דאס הייסט מיט דיעניגע וואס ווילען דערהאלטען דעם איצטיגען צושטאנד און דאס געמיינזאמע פערהעלטנים מיט עסטעררייך; אדער די 48־נער פארטיי זאל קומען צו דער רעגיערונג, דאס איז דיעניגע, וואס וויל אים גאנצען אפרייסען אונגארן פון עסטעררייך און עס מאכען אים גאנצען זעלבשטענדיג.

עס איז גרינג צו פערשטעהען, או דער קאיזער קען זיך נאר שווער ענטשליסען, איבערצוגעבען די רעגיערונג קאסוט׳ן און זיינע חברים. חאטשי קאסיטה אליין מאכט איצט די גרעסטע הנחות, ער בעשטעהט דארויף, אז אויב מען וועט זיין פארטיי איבערגעבען די





די ענטדעקונג נו׳ם נארדפאל: (רעכטס) רישאהן ביארליי. (לינקס) יוראלף פראנק.

רעגיערונג, צו בעווילינגען אלע מיליטערישע פאדערונגען, דאס בודשעה, די ויאהלרעפארם, און אויך צו פערלענגערן די געמיינזאמע באנק אויף עטליכע יאהר. אבער ס׳איז דאך נישט קיין סוד, אז אויב זיין פארטיי וועט



לארד טוועדמוטה.

בעקומען די רעגיערונג אים גאנצען אין איהרע הענד, וועט זי צוערשט בעפעסטיגען איהר שטעלונג אים לאנד, דערנאך וועט זי ארויסקומען מיט נייע פאדערונגען און מען וועט זיך מיט איהר נישט קענען קיין עצה געבען.

די 67־גער פארטייען אבער, וועלכע ווילען זיך בעגנוגנען מיט קליינע מיליטערישע קאנצעסיעס, זענען לעת־עתה צו שוואך, צו קענען בילדען א מאיאריטעט אים רייכסטאג.

איבערדעם רעכענט מען, אז אויב ס׳וועט נישט געלינגען דעם קאיזער, צו בעוועגען די ביזהעריגע רעגיערונג, זי זאל ווייטער בלייבען אויף׳ן פלאץ, וועט מען מוזען ערנענען א נישט־פארלאמענטארישע רעגיערונג, וועלכע וועט דורכפיהרען נייע וואהלען און טראכטען, צו שאפען א נייע מאיאריטעט. מיט וועלכער ס׳וועט זיך לאזען רעגיערען, די לייטונג פון דער נייער רעגיערונג וועט איבערגעגעבען ווערען דער געוועזענער פינאנצמיניסטער לאדיסלויס לוקאטש. אדער דער געוועזענע מיניסטער־פרעזידענט גראף קהוען־העדערוואַרי. מען שמועסט אויך פון קריסטאפ, דעם מיניסטער דעם אינערן אונטער פעיערוואַרי, פון וועלכע ס׳שטאמט דער גאנצער פלאן פון דער וואהלרעפארם און פאר וועלכען קאסוטה און זיינע חברים האבען געהאט מורא.

דער אמת איז, אז קאסוטה אליין וואלט גערן נאכגעגעבען, ער איז נישט אזוי ראדיקאל און דאצו איז ער א בעקוועמער מענש, וואס האט פיינד זיך שטארק אויפצורעגען, נאר ער מוז איצט שווייגען אויס מורא פאר׳ן פרעזידענט יוסטה מיט זיינע חברים, וואס הערען נישט אויף צו שרייען, אז ענטוועדער זיי בעקומען די זעלבשטענדיגע באנק אדער זיי וועלען מאכען די שארפסטע אפאזיציע, זאגאר אבשטרוקציע.

קאסוטה איז שבת עמפפאנגען געווארען פו׳ם קאיזער אין א צוויי שעה׳דיגער אודיענץ.

אבער די אודיענץ האט נישט געבראכט צו קיין שום רעזולטאט; ס׳איז מעגליך, אז דער קאיזער וועט צו זיך בערופען נאך אנדערע אונגארישע שטאאטסמענער.

די לאגע איז יעדענפאלס זעהר ערנסט און פערוויקעלט.

---

# לארד טוועדמוטה.

אין דובלין איז פאריגע וואך געשטארבען דער געוועזענער ערשטע לארד פון דער ענגלישער אדמיראליטעט, לארד עדוארד טוועדמוטה, אים אלטער פון 60 יאהר.

דער טויט פון דיעזען מאן דערמאנט אין א פאליטישער אפערע, וואס האט פאריגעס יאהר ארויסגערופען שטורם אין דער פאליטישער וועלט.

ווען דער לארד איז נאך געווען דער העכסטער בעאמטער פון דער ענגלישער ארמיראליטעט, האט איהם קאיזער ווילהעלם צוגעשיקט א בריעף, אין וועלכען ס׳ווערען בעשפראכען געווארען די ענגלישע און דייטשע קריעגסריסטונגען אויף׳ן וואסער.

דער לארד האט דעם בריעף בעאנטווארטעט און שפעטער, ווען די זאך איז ארויסגעקומען, האט זיך גאנץ ענגלאנד אויפגערעגט דאריבער, אז א ענגלישער אדמיראל



די ענטדעקונג פונ׳ם נארדפאל: פאטאגראפישע אויפנאהמע פונ׳ם פאל

ואל זיך אריינלאָזען אין וויכוחים מיט א פרעמדען מאָנארך וועגען די בעדירפניסע פון דער ענגלישער פלאטען.

לארד טווערדמוטה האט זיך צו־ואר פערטהיידיגט אז עס האנדעלט זיך אים נאנצען וועגען א פריוואטען בריעפוועקסעל און או וועדער קאיזער ווילהעלם נאך ער האבען פערראטהען אירגענד וועלכע קריעגס־געהיימניסע פון דיעזע לענדער.

אבער די עפענטליכע מיינונג אין ענגלאנד האט זיך נישט נעוואָלט בערוהיגען ביז לא־ד טווערמוטה איז צוריקגעט־עטען פון זיין פאסטען.

אין אמת'ן איז דער ליא־ם וועגען דעם בריעף געווען בלויז א געקינסטעלטער. לארד טווע־מוטה איז גע־וועזען בעקאנט אלס פריינד פון דייטשלאנד און איבערדעם האבען איהם די פאליטישע קרייזע אין ענגלאנד וואס ניכער געוואלט אראבוואַרפען פון זיין שטעלע. די אפערע מיט'ן בריעף איז בלויז געווען כסות־עינים פאר דער נאנ־צער העצעריי. דעם איינענטליכען אינהאלט פינ'ם בריעף קען ביז היינט קיינער נישט.

# די געגענדען ארום דעם נארד־פאל.

דער גאנצער פארפראָרענער געגענד ארום דעם נארד פאל, דורך וועלכען הונדערטע רייזענדע האבען געמוהט דורכדרינגען איידער איינעם פון זיי, דעם ניו־יארקער דאקטאר קוק, איז געלונגען צוצושלאָגען זיך צום רעכטען פאל, פארנעהמט א שטח פון איבער אכט מיליאן קוואדראטנע מייל.

אין די לעצטע פיער הונדערט יאהר האט מען ביסלעכווייז דיעזען גרויסען געגענד אויסגעפאר'שט. יעדער רייזענדער האט דערנאָנגען א ביסעל מעהר ווי מען האט ביז איהם געוואוסט. דאך איז נאך ביז היינטינגען טאג פערבליעבען ביי א דריי מיליאן מייל פון וועלכע מיר וויסען נאך גאר נישט. קוק און פירי וועלען מן הסתם אונז קענען פיעל וועגען דיעזע פערבארגענע שטיק ערד דערצעהלען. אבער ביז וואנען זיי וועלען דאס טהון, בלייבט זי פאר אונז א צוגעמאַרטער בוך.

דאך, משער זיין זיך, וואס דא־ט טהוט זיך, האָבען א בעגריעף פון וואס דאָרט קימט פאר, קען מען, ווען מען ווייסט, וואס עס טהוט זיך אין די נאהענטע מקומות, אין די דערביייאינגע לענדער, וועלכע זענען שוין יע אויסגעפארשט געוואָרען.

די קעלט דארט איז אונגעהייער גרויס. געוועהנליך, נישט איבעראַל איז די טעמפעראטור די זעלבע. פאַראַן ווארימערע און קעלטערע ערטער. עס ווענדעט זיך זעהר פיעל אן די אייז, וועלכע פילט אן דעם געגענד. וואו עס איז דא מעהר אייז און מעהר שניי דאר־טען איז קעלטער.

מענשען זענען שוין געווען אין א פלאטץ אין יענע גע־גענדען וואו די טעמ־פעראטור אין דעם מאנאט מערץ איז גע־ווען 73 גראד. אונטער'ן נול. צו פערשטעהן, וואס פאר א שרעקליכע קעלט דאס איז, מוזט איהר וויסען דעם פאקט אז וואסער פריהרט עס ווען איז מיט 77 גראד ווארימער, דאס הייסט, ווען די טעמ־פעראטור איז פיער גראד איבער דעם נול.

א גרויסע ראלע שפיעלען אין יענע מקומות די ווינטען, זיי טרייבען אום די גרויסע אייז בערג פון איין פלאטץ צו א צווייטען, און האבען א גרויסען איינפלוס אויף דער טעמפעראטור פון די ערטער דורך וועלכע זיי בלאזען.

אין גרענלאנד, צום ביישפיעל, איז דער וועטער אין גאנצען אבהענגיג פון די ריכטונג פון די ווינטען. אויף איין זייט גרענעצט זיך גרינלאנד מיט די קעלטסטע טהיילען פון אמעריקא, און אויף דער צווייטער זייט לויפט פאר איהר פארביי א שטראם וואסער, וועלכער קומט אן פון זעהר ווארימע געגענדען. ווען דער ווינד בלאזט פון דער קאלטער זייט, דאן איז גרענלאנד שרעק־ליך פארפ־אה־ען, און ווען ער בלאזט פון דער זייט וואו דער ווארימער שטראם פליסט, איז דארט פערהעלטניס־מעסיג ווארים.

עס מאכט זיך, אז די ריכטונג פון די ווינטען ענדערען זיך דארט עטליכע מאל אין א וואך. איבער־הויפט פאסירט עס דא־טען אין די ווינטער מאנאטען, און דארום קענען די גרענלענדער קיינמאל נישט וויסען וואו זיי האלטען אין דער וועלט מיט זייער קלימאט.

וואו עס געפינט זיך נאר א שטיקעל נישט פאר־פראהרענער טייך אדער ים, דא־טען פאסירט עס די זעלבע ווי אין גרענלאנד. די איינוואהנער דארט האפען אימער, או א שטורם־ווינד וועט זיי ברענגען ווארימקייט פון דיעזע אפענע וואסערען. דאס איז נאך א פונקט, אין וועלכען אונזער ברידער פון די קאלטע געגענדען אונטערשיידען זיך פון אונז. מיר נעהען געוועהנליך זיך אפקיהלען פון די ווינטען ביים ברעג ים און זיי זוכען אנצוווארמען זיך אן זיי, די מערקווירדיגסטע זאך וועגען די נארד פאל געגענדען זענען די שטראמען וואסער, וואס פליסען אימער ארויף אהין פון די ווארימע לענדער און וועלכע קעהרען זיך דערנאך אום צוריק צו אונז אנגעלאדען מיט אייז פעלדער און מיט אייז־בערג.

איינינע גרויסע טייכען פון סיביר און פון אמעריקא פאלען אריין אין א גרויסען ים, וואס רינגעלט ארום דעם גאנצען געגענד דארטען. דיעזע ווארימע שטראמען שווימען אפ די גרויסע שטיקער אייז פון ברעג און טרייבען זיי ארויף וואס ווייטער צום צפון זייט. פון דעם ים ציהען זיך ארויס איינינע שטראמען, וועלכע פליסען צוריק אין די ווארמע לענדער און שלעפען מיט מיט זיך גרויסע בערג אייז, וועלכע שווימען ארונטער אמאל זעהר נידריג.

מ־אין די גרויסע קעלטען געפינען זיך אין די געגענדען א־ום דעם נאָ־ד־פאל א סך פלאנצונגען, גע־וועהנליך זענען זיי נישט פון דעם זעלבען סארט, ווי די פלאנצונגען, וואס וואקסען ביי אונז. זיי זענען צוגעפאסט צו יענע קאלטע קלימאטען. מען ראט ביז יעצט שוין דארט ענטדעקט ארום צוויי טויזענד פערשיעדענארטיגע פפלאנצונגען.

חיות זענען דארט אויך פאראן זעהר פיעל, גע־וועהנליך רעדען מיר דא בלויז וועגען יענע טהיילען, וואס זענען אויסגעפא־שט געווא־ען. צי עס זענען דא לעבע־דיגע זאכען אין די דריי מיליאן קוואדראטנע מיילען, וועלכע מען האט ע־שט אנגעהויבען צו ענטדעקען, ווייסט מען נישט. אבער אויב מיר וועלען זיי פערגלייכען צו די ארומיגע געגענדען מוזען דארטען זיין א סך מינים פוינלען, פיש און לאנד חיות.

מענשען געפונען זיך דארט אויך אך א גאנ'ץ גרויסע צאהל. זיי קריעגען די מיטלען צום לעבען מעהרס־טענס פון ים חיות. און דארום וואהנען זיי געוועהנליך ארום די ברעגעס פון די טייכען און די ים'ען, אדער נישט ווייט פון די ברעגעס. מאנכע שבטים זענען שוין א ביסעל מעהר ציוויליזירט. און האלטען אויף סטארעס הירשען. דיעזע שבטים קענען זיך שוין ערלויבען אוועק־צוגעהען פון די ברעגעס און טייכען און וואהנען ווייטער אין לאנד.

דער דייטשער רייכסקאנצלער אין וויען: דר. בעטהמאן־האלוועג (X) אויף'ן וועג צום קאיזער.

# פערלאבונג פון פארטוגיעזישען קעניג.

דער יונגער קעניג מאנועל פון פארטוגאל, וועלכער איז געקומען אויף דעם טהראן דורך א טראגישען ציפאל.

קעניג מאנו,ל פון פארטוגאל.

פרינצעסין אלעקסאנדרא פון פיפע: די צוקינפטיגע פארטוגיעזישע קעניגין.

וועט זיין פאטער און זיין עלטערער ברודער זענען געפאַלען אין מיטען נאָס פון דער הויפטשטאָדט דורך רעוואָלווער־קוגעלן פון די רעוואָלוציאָנערע, זוכט זייט א צייט אַרום אַ פּאַסענדען שידוך.

די פּארטוגיעזישע שטאַאטסמענער האָפען נעמליך, אַז דורך אַ שידוך מיט א מעכטיגער דינאַסטישער פאַמיליע וועט דער יונגער קעניג געפונען א צד בַּיִם טיש פון דער אייראָפּעאישער דיפּלאָמאַציע, וועלכער וועט איהם שטיצען געגען די אָפּאָזיציע אין דעם איינענעם לאַנד.

אזא שטיקעל איז דעם שפּאנישען קעניג געלונגען. וואס זייט ער האט חתונה געהאט מיט אַ ענגלישער פּרינצעסין, נעמט זיך ענגלאנד אָן פון זיינעטוועגען, ווי ווייט דאס איז אין דער דיפּלאָמאַציע מעגליך. און ערשט ביי דער יונגסטען קריזע, וואָס שפּאַניען האט דורכגעמאַכט וועגען דעם קריעג אין מעלילאַ, איז די ענגלישע פּראָטעקציע דעם יונגען קעניג שטאַרק צו נוץ געקומען.

איבערדעם אויך זוכט דער קעניג פון פּארטוגאַל דוקא אַ ענגלישע פּרינצעסין און עס הערט זיך, אַז ער וועט באַלד קענען זאגען „יגעתי ומצאתי“.

אַלס זיין כלה איז בעשטימט די ענגלישע פּרינצעסין אַ ל ע ק ס אַ נ ד ר אַ פ ו ן פ י פ ע, דאס עלטסטע אייניקעל פונ'ם ענגלישען קעניג, די טאכטער פון דעם הערצאָג פון פ י פ ע.

די פערלאָבונג וועט פאָרקומען, לויט נישט־אָפּיציעלע מעלדונגען, אַם 15 נאָוועמבער, ווען דער קעניג וועט רעמילט קומען קיין ענגלאַנד.

# די ענטדעקונג פונ'ם נאָרדפּאָל.

איצט איז שוין אויך פּירי אנגעקומען אין ניו־יאָרק, וואו ער איז עבענפאַלס עמפּפאַנגען געוואָרען מיט גרויס פּאראַד, האָטשי נישט אַזוי ענטהוזיאַסטיש ווי קוק. קוק האט ביי איהם לעת־עתה צוגענומען די בכורה און ס'העלפט נישט שרייען קיין ח' וקים.

קוק פערעפענטליכט כסדר זיינע רייזעבעשרייבונגען אין אלע גרויסע בלעטער ווי אויך די פאָטאָגראַפיעס און אויפצייכנונגען, וואָס ער האט געמאַכט אויף'ן וועג.

די אינטערעסאַנטסטע פאָטאָגראַפיע איז נאַטירליך די פונ'ם נאָרדפּאָל גופא, וועלכעס שטעלט פאָר די צוויי עסקימאָסען, קוקס בעגלייטער, נעבען דיעזען וויכטיגען פּונקט פון דער ערדקוגעל, אויף וועלכען ס'איז איינגעשטעקט אַ אַמעריקאַנישע פאָהן. אים הינטערגרונד שטעהט קוק מיט זיין פאָטאָגראַפישען אַפּאַראַט.

באַלאָן־קאַטאַסטראָפע אין פראַנקרייך: דער בעריהמטליכטער קאַפּיטאַן פערבער.

די הודזאָן־פולטאָן פייער אין ניו־יאָרק: 1) הודזאָן. 2) הודזאָן אין זיין לעצטען לעבענסטאָג. 3) פולטאָן. 4) פולטאָן'ס ערשטע דאַמפּפשיף קלערמאָנט.

דיעזע פאָטאָגראַפיע איז לויט קוק'ס בעהויפטונג, דער גרעסטער בעווייז פאַר די ריכטיגקייט פון זיינע בעהויפטונגען.

אין אמת'ן איז עס אפילו לאָו דוקא, ווייל אַזעלכע הויפענס אייז זענען אין יענער געגענד פאַרהאַנען זעהר פיעל און אויב קוק זאָל זיין א שווינדלער, ווי פּירי בעהויפטעט, וואלט ער געקענט אויפנעהמען אַזעלכע פאָטאָגראַפיעס אָהן אַ צאָהל.

נאָר אַזוי ווי די וועלט גלייבט לעת־עתה קוק'ן מעהר ווי פּירי'ן, איז דיעזע פאָטאָגראַפישע אויפנאַהמע טאַקי איינער פון זיינע הויפּט־סימנים.

מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער דאס פאָטאָגראַפישע בילד, וועלכעס בילדעט קוק'ס הויפּט בעווייז, ווי אויך די פאָטאָגראַפיעס פון זיין רייזעבעגלייטער רודאָלף פראַנק, וועלכער האט זיך געמוזט אומקעהרען אין מיטען וועג, נישט קענענדיג דערטראָגען די שווערע רייזע, און פון דעם אמעריקאַנישען פינאַנצמאַן דזשאָהן ע. ב ר א ד ל י י, וועלכער האט קוק'ן פערשאַפט די געלד־מיטעל צו זיין רייזע און האט איהם בעגלייטעט ביז צו די יאַנדגרינדע פונ'ם סמיטהזונד. דאס איז אַ גרויסער טהייל פון זיין רייזע.

# דער פערשוואונדענער ערצ־הערצאָג יאָהאַן סאַלוואַטאָר.

פאַר 19 יאָהר, אים יאָהר 1890, האט דער עסטרייכישער ערצהערצאָג יאָהאַן סאַלוואַטאָר, א נאָהנ־טער קרוב פונ'ם [illegible] ערקלערט, אַז ער פערציכטעט אויף אַלע זיינע רעכטע אַלס ערצהערצאָג און נעמט אָן דעם געוועהנליכען בירגערליכען נאָמען י אָ ה אַ ן א ר ט ה, כדי צו קענען חתונה האָבען מיט דער שוישפּילערין לודוויקאַ שטיבעל, אין וועלכער ער האט זיך פערליעבט.

יאָהאַן ארטה איז אויך תיכף דערנאָך אוועקגעפאָהרען מיט'ן שיף „סאַנטאַ מאַרגאַריטאַ“ און זייט דעמילט איז ער פערשוואונדען ווי אַ שטיין אין וואַסער. צולעצט האָט מען נאָך בעגעגענט דאס שיף ענדע יאָהר 1890 אין דעם זידאַמעריקאַנישען האַפען מאָנטעווידעאָ, זייט דעם האט מען אויך דאָס שיף נישט מעהר בעגעגענט.

אַלגעמיין ווערד בעהויפטעט, אַז דעם שיף האט געמוזט ערגיץ־וואו אויף'ן וואַסער פּאַסירען א אונגליק און ס'איז אונטערגעגאַנגען אָהן רעטונג.

אבער פון צייט צו צייט זענען געקומען ידיעות, אַז יאָהאַן ארטה לעבט ערגיץ־וואו אין אַמעריקא אדער אין אינדיען, בעהאַלטען פון דער וועלט, כדי נישט געשטערט צו ווערען אין זיין ליעבעסגליק. איינמאָל זאָגאַר האט מען בעהויפּטעט, אַז דער פערשוואונדענער ערצ־הערצאָג איז אידענטיש מיט דעם יאַפּאַנישען אדמיראַל יאַמאַגאַטאַ, וואס האט בעוויזען אַזוינע גבורות אים קריעג געגען כינא און רוסלאַנד.

אַלע דיעזע נאַכריכטען זענען געבליבען אָהן בעשטעטיגונג און פון דעם פערשוואונדענעם יאָהאַן אָרט־ה פעהלט יעדע שפּור.

איצט קומט וויעדער אַזאַ ידיעה פון אַמעריקא. אין פּאַיקסווילע, אַ שטאָאט אָהיאָ אין נאָרד־אַמעריקא.

דער פרעס־קאנגרעס אין לאנדאן: 1) לארד כורנהאם. 2) ווילהעלם זינגער. 3) גענעראל סעקרעטער טאנגא.

לעבט א פאבריקס־מעכאניקער, וואס פערדיענט 15 דאללאר א וואך און ער זאל דאס זיין דער געזוכטער יאהאן ארטה.

נאטירליך פעהלט אויך דאסמאל די בעשטעטיגונג פון דער מעלדונג. אבער ווען מען בעטראכט גענוי דאס בילד פון דעם מעכאניקער, וועלכעס מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער, מוז מען מודה זיין, אז ער איז שטארק ענליך צו די מיטגליעדער פון עסטרייכישען קייזערהויז און אפילו אויך צום קייזער פראנץ יאזעף. מעגליך אז גראד דיעזע ענליכקייט האט ארויסגערופען די פערמוטהונג, אז דאס איז דער געזוכטע ערצהערצאג יאהאן סאלוואטאר.

# דער פרעסקאנגרעס אין לאנדאן.

אין לאנדאן איז פארינע וואך פארגעקומען דער אינטערנאציאנאלער קאנגרעס פון דער פרעססע. אלע זשורנאליסטישע ארגאניזאציעס אין די פערשיעדענע לענדער האבען דארטהין געשיקט זייערע דעלעגירטע, כדי זיך צו בעראטהען וועגען שאפונג פון א פרעססע־גאניזאציע אין דער גאנצער וועלט.

נאפאלעאן III האט אמאל געזאגט: „אין איירא־פא עקסיסטירען פיער גרויסמעכטע (און זיינע צייטען זענען בלויז געווען 4: פראנקרייך, רוסלאנד, ענגלאנד, עסטער־רייך) — די פינפטע גרויסמאכט איז די פרעססע“. דאס ווארט איז ריכטיג ביז אויף דעם היינטיגען טאג. די פרעססע בילדעט א געוואלטיגע מאכט. קענען וועלכער די גרעסטע ארמעע, די שטארקסטע פלאטע און די שווערסטע קאנאנען, קענען נישט אויפקומען, „חיים ומות ביד הלשון“. די פרעססע ענטשיידעט איבער קריעג און פריע־דען, איבער האנדעל און וואנדעל, איבער'ן גאנצען שיקזאל פון גאנצע פעלקער. וויל די וועלט־פרעססע קריעג, העלפען נישט אלע פריעדענספערזיכערונגען, זי העצט שוין די פעלקער אויף גענענאיינאנדער, און די קאנאנען הייבען אן צו שיעסען פון זיך זעלבסט. וויל זי פריעדען, קען זי גובר זיין די גרעסטע קריעגסלוסט...

איבער דעם אויך איז עס בעגרייפליך, וואס יעדער פרעס־קאנגרעס ווערד איבעראל, וואו ער קומט פאר, אויפגענומען מיט'ן גרעסטען דרך־ארץ פון די לייטענדע שטאאטסמענער און אויך קאיזער און קעניגע קומען אב־געבען די מענער פון דער פעדער זייער כבוד. אזוי איז אויך געשעהען איצט אין לאנדאן. דער ענגלישע מיניס־טער דעם אינערן, סיר עדוארד גריי, איז געקומען דעם קאנגרעס בעגריסען. דער קעניג האט פאר זיין כבוד פראנשטאלטעט א פעסט מאהלצייט. אויך דער לארד־מאיאר פון לאנדאן האט די געסט מכבד געווען כאחד הנגידים. נאטירליך האט מען אין אלע רעדע געפייערט די בעדייטונג פון דער פרעססע אלס די ערהאלטערין פונ'ם פריעדען און פערברייטערין פון קולטור... אז זי העצט אויך אפט צום קריעג און מאכט אן די גרעסטע חורבות — דאפון האט מען נישט ערוועהנט, ווייל קענענאיבער געסט מוז מען זעהר העפליך זיין.

פרעזידענט פון דער וועלט־קאנגרעס פעראייניגונג איז זייט מעהר ווי 10 יאהר דער רעדאקטער פון דעם „וויענער נייעס טאגבלאט“ ווילהעלם זינגער, וועלכער האט אויך דאסמאל געפיהרט דעם פארזיץ פון קאנגרעס. טהייל גענומען האבען אין איהם דעלעגירטע פון ענגלאנד, פראנקרייך, דייטשלאנד, רוסלאנד, עסטערייך, איטאליען, פעראייניגטע שטאאטען אין אמעריקא, דענעמארק, שוועדען, נארוועגען, בעלגיען, פינלאנד, רומעניען, ענגלאנד, בראזיליען. דער רעדאקטער פון לאנדאנער „דייל־טעלעגראף“, לארד כורנהאם, האט געהאלטען די ערשטע בעגריסונגסרעדע, אויף וועלכער ווילהעלם זינגער האט געענטפערט.

די בעראטהונגען פונ'ם קאנגרעס האבען געדויערט עטליכע טעג. פערהאנדעלט האט מען גרעסטענטהיילס וועגען וויכטיגע פאך־אנגעלעגענהייטען.

# דאס טעלעפאן אין יאפאן.

שפעטער ווי אלע מאדערנע איירא־פעאישע איינריכטונגען, איז דאס טעלעפאן איינגעפיהרט געווארען אין יאפאן. איצט אבער, נאכדעם ווי די קליינע יאפאנער האבען עס ביי זיך איינגעפיהרט, איז עס שוין דארט אזוי פאלקאמען און פארצינליך, ווי אין די מאדערנסטע איירא־פעאישע שטאאטען.

אין אלע גרעסערע שטערט גיבט עס עפענטליכע שפרעכשטעלען, וואס ווערען בעדיענט פון יאפאנערינען אין נאציאנאלטראכט.

די יאפאנערינען נעהמען זייער אויסגאבע פיעל ערנסטער ווי אונזערע איירא־פעאישע דאמען. דארט דארף מען נישט ווארטען מינוטען־לאנג אויף אנשלוס און מען ווערד נישט נערוועז דורך פארטוועהרענדער פאלשער פערבינדונג מיט פרעמדע סטראנגען.

# פערשווערונגען אויף דעם באלקאן.

אויף דעם איירא־פעאישען וועטערווינקעל אויף דעם באלקאן, וויל גאר נישט רוהיג ווערען. קוים איז א ביסעל שטיל געווארען אין גריעכענלאנד מיט דער דאר־טיגער דינאסטישער קריזע, הייבט זיך אן א נייער ירוד אין מאנטענעגרא.

דארט, אין דעם קליינעם לאנד צווישען די שווארצע בערג, איז נעמליך דיעזע טעג ענטדעקט געווארען א מיליטערישע פערשווערונג נעגען דעם פירסט ניקאלויס, וועלכע איז בלויז דורך א צופאל נישט געלונגען. א אפיציער האט געוואלט פיהרען א קאמפאניע זאלדאטען צום פירסטליכען שלאס, עס בעזעצען און צווינגען דעם פירסט אבצודאנקען.

נאר דורך א צופאל האט דאס מיליטער בעמערקט די אבזיכט און פערוויינערט דעם געהא־זאס. עס איז איינגעלייטעט געווארען א אונטערזוכונג, וועלכע האט בעוויזען, אז די פערשווערונג איז געוועזען גוט פארבריי־טעט, זעהר פיעל פערזאנען זענען פערהאפטעט געווארען.

די פערשווערונג אין מאנטענעגרא ערדענט דעם־וועגען אזא גרויסע איבעראשונג, ווייל דער פירסט פון מאנטענעגרא איז תמיד ביים פאלק שטארק בעליעבט געוועזען און יעדער פויער האט עס בעטראכט פאר א גליק, צו קענען קושען די פוס פון זיין הערשער.

אויך פון סערביען קומען ווייטער אונרוהיגע ידיעות. אויך דארט עקזיסטירט א מיליטערישער „בונט“, וואס זאל אבזעצען די גאנצע איצטיגע דינאסטיע און אויס־רופען דעם ענגלישען פרינץ פון קאנויטה, א זוהן פון ענגלישען קעניג, צום קעניג פון סערביען.

פון דער אנדערער זייט לאזט זיך כסדר הערען דאס קול פון דעם עקסקראנפרינץ געארג, וועלכער האט חרטה אויף זיין פערציכט און וויל צוריקבעקומען זיינע רעכטע אלס קראנפרינץ. ער האט אויך פיעל אנהענגער אין לאנד, וואס בעהויפטען, אז די רעזיגנאציע איז נישט געזעצליך, ווייל זי האט בעדארפט פארגעלענט ווערען פאר א „גרויסער סקופשטינא“.

די רעגיערונג האט צוואר שוין מיט דעם עקס־קראנפרינץ אבגעמאכט, אז ער בעקומט א האלבע מיליאן פראנק, כדי צו בעצאהלען זיינע חובות, און אויסערדעם 120.000 פראנק יעהרליך פענסיע. אבער געארג'ל איז דאמיט נאך נישט צופריעדען און ער טרייבט זיינע אינטריגעס ווייטער. ווער ווייסט, צו וואס דאס אלעס וועט פיהרען?

טעלעפאנען אין יאפאן: א טעלעפאנען־זאאל אין טאקיא.

א פירסטין אונטער קוראטעל; פירסטין אידא סוליקאווסקא.

# א פירסטין אונטער קוראטעל.

ווי בודאפעסטער בלעטער מעלדען, וועט איבער דער פירסטין אידא סולקאווסקא פערהענגט ווערען די גערינטליכע קוראטעל וועגען פערשווענדונג.

די פירסטין געהערט דעם העכסטען אדעל און איז איינע פון די רייכסטע מאגנאטינען. 20000 יאך פעלדער און וועלדער געהערען צו איהר איינענטהום. זי איז אויך פריהער געווען זעהר שעהן און וואלט געקענט שפיעלען די גרעסטע ראלע אין דער הויכער געזעלשאפט.

אבער אלע דיעזע זאכען: יחוס, געלד און שענקייט העלפען איהר נישט. צו זיין גליקליך... די פירסטין איז געמליך שוואכזיניג און א שרעקליכע פערשווענדערין. אין די לעצטע 2 יאהר האט זי פערשווענדעט איבער 2 מיליאן קראנען.

חוץ־לזה טרייבט זי זעהר א עקסצענטריש לעבען. פריהער האט זי חתונה געהאט מיט דעם אדוואקאט טאקאער אין א־אר (אונגארן). די עהע איז אבער געווען אונגליקליך און דער עהעשיידונגס פראצעס האט געפיהרט צו גרויסע שקאנדאלען. איצט וויל זי ווידער חתונה האבען מיט א אונגארישען לייטנאנט. די פאמיליע, איבערהויפט איהר מוטער, וויל דאס נישט דערלאזען און זי האט געשטעלט ביים געריכט דעם אנטראג. מען זאל לאזען געריכטליך אונטערזוכען דעם גייסטיגען צושטאנד פון איהר טאכטער און איבער איהר פערהענגען די געריכטליכע קוראטעל.

די געריכטסערצטע האבען טאקי געפונען, אז די פירסטין איז גייסטעס־שוואך. טראץ פון איהר זארגפעלטיגער ערציעהונג קען זי קוים לעזען; פאר קונסט, וויסענשאפט האט זי נישט דאס געריננסטע פערשטענדניס. זי ווייסט אפילו נישט, אז זי איז רייך און בעהויפטעט, בלויז עטליכע יאך פעלד צו בעזיצען, דאצו טרינקט זי זעהר פיעל, איבערהויפט שאמפאניער, און דאס רויבט נאך איהר'ע לעצטע כחות.

דאס געריכט וועט וואהרשיינליך די קוראטעל בעווילינען און די פירסטין וועט פערבערענגען דעם רעשט פון איהר'ע יאהר'ען אבגעשלאסען פון דער וועלט אונטער שטרענגער קאנטראלע.

# א מתנה פון א אמעריקאנישע: מיליאנער פאר'ן קאיזער.

דער בעקאנטער אמעריקאנישער מיליאנער קארנעגיע האט געשענקט דעם קאיזער פראנץ יאזעף א גיפס־מאדעל פון דער דורך איהם אויסגעגראבענען מערקווערדיגער חיה, גערופען «Diplodocus» וואס איהר אריגינאל געפינט זיך אין דעם קארנעגיע־מוזעאום אין פיטסבורג.

דיעזע חיה איז איינע פון דער זעלטענסטען אויף דער וועלט. לויט בעהויפטונג פון די נאטור־פארשער האט זי געלעבט אין אמעריקא פאר צירקא 8 מיליאן יאהר (די נאטורפארשער גלייבען נעמליך נישט אין דעם ספור בריאת העולם פון דער תורה און בעהויפטען, אז די וועלט איז שוין אלט פיעלע מיליאנען יאהרען).

דאס מאדעל איז געפרענגט געווארען אין 24 גרויסע קאסטענעס און דער דירעקטאר פון מוזעאום, פראפעסאר וויליאם י. האלאנד, איז מיט געקומען, כדי עס אויפצושטעלען אין דעם קאיזערליכען נאטורהיסטארישען הויפמוזעאום.

די חיה האט א לענג פון 26 מעטער, דער האלז אליין פערנעמט מעהר ווי די העלפט פונ'ם גאנצען גוף. אזוי ווי אים מוזעאום איז נישט פארהאנען קיין איינציגער זאאל, וואס זאל האבען אזא לענג, האט מען געמוזט דעם האלז און דעם עק אביסעל פערבייגען. דאס אריגינאל אליין איז נאך גרעסער.

דער קאיזער האט תיכף בעזוכט דאס מוזעאום און דירעקטאר האלאנד האט איהם געשילדערט אלע איינצעלהייטען, ווי אזוי דאס שקעלעט איז געפונען געווארען אין געבירג פון וויאמינג (אמעריקא) און וועלכע מיה עס האט געקאסט, עס צוזאמענצושטעלען און איבערצוטראנספארטיר'ען קיין פיטסבורג. דאביי האט האלאנד אויך דערצעהלט וויעפיעל מיליאנען קארנעגיע גיבט יעהרליך אוים פאר וויסענשאפטליכע צוועקע, ווי ביבליאטהעקען, מוזעאומס, קונסט־גאלעריען, עטצ.

דער קאיזער האט אויסגעדריקט זיין צופריעדענהייט, וואס קארנעגיע פערווענדעט א טהייל פון זיין אונגעהייערען פערמעגען אויף אזעלכע ניצליכע זאכען.

טהאטזעכליך בילדעט קארנעגיע א זעלטענהייט צווישען די אמעריקאנישע מיליאנערע, די סומעס, וועלכע ער האט שוין אויסגעגעבען פאר א זעלכע זאכען, זיינען אונגעהויער גרויס. יעהרליך פאהרט ער ארום אין אלע לענדער און אונטערשטיצט אלע וויסענשאפטליכע און קינסטלערישע אונטערנעהמונגען, בעזונדערס פאר פאלקס־בילדונג טהוט ער אויף גרויסארטיגעם.

ענליכע גיפס־מאדעלע פון דער זעלטענער חיה האט קארנעגיע אויך געשענקט די מוזעאומס אין לאנדאן, פאריז און בערלין.

אין וויען בילדעט די אויפשטעלונג פון דעם מאדעל א וויכטיג ערייגניס. צעהנליגער טויזענדער מענשען בעזוכען טעגליך דאס מוזעאום, כדי אנצוקוקען דיעזע מערקווירדינקייט. ארום דעם מאדעל קענען שטעהען צוזאמען צירקא 100 מענשען גאנ'ץ בעקוועם.

טהעאדאר ריטער פון גאלדשמידט.

# טהעאדאר ריטער פון גאלדשמידט.

אין וויען איז ערב־יום־כפור געשטארבען דער ק. ק. פריוואטה, טהעאדאר ריטער פון גאלדשמידט, 72 יאהר אלט.

דער פערשטארבענע איז געווען א לאנגיעהריג מיטגליעד פון דעם יודישען קולטוספאר־שטאנד אין וויען. אין דער לעצטער צייט איז ער געווען צווייטער וויצע־פרעזידענט פון דער קולטוסגעמיינדע; חוץ לזה איז ער בעקאנט אלס יודישער כלל־טהוער אין פיעל חברות און אינסטיטוציעס.

געבוירען אים יאהר 1837 אלס זוהן פון מאריץ ריטער פון גאלדשמידט, דעם ערשטען פראקוריסט פון באנקהויז ס. מ. ראטהשילד, האט דער פערשטארבענע אבסאלווירט די וויענער טעכנישע האכשולע מיט אויסגעצייכנעטען ערפאלג. אים יאהר 1857, קוים 20 אלט, בעזוכט גאלדשמידט די אלטבעריהמטע אינזשעניער־שולע אין פאריז, וואו ער בלייבט ביז 1860, דער־נאך בערייזט

א מתנה פון א אמעריקאנישען מיליאנער פאר'ן קאיזער; דאס מאדעל פון דער זעלטענער חיה.

דער אנגעבליכער ערצהערצא: יאהאן סאלוואטאר.

ער א לאנגערע צייט דייטשלאנד, ענגלאנד, פראנקרייך און בעלגיען.

אים יאהר 1863 איז נאלדשמידט איינגעטרעטען אלס אבערא־נזשעניער ביי דער זידבאהן און האט דורכגעפיהרט דעם בוי פון די שטרעקען פארוא־ראווענא, ווי אויך די בריק איבער'ן עטש. דערנאך איז ער פערזעצט געווא־ען צו דער גענעראל־דירעקציע פון דער זידבאהן אין וויען, וואו ער איז געבליעבען די גאנצע צייט.

זייט יאהר 1879 איז נאלדשמידט געוועהלט געווארען אין דעם וויענער געמיינדעראטה פון דעם ערשטער וואהלקערפער אין דער אינערער שטאדט און דיעזע שטעלע האט ער בעקליידעט ביז צו זיין טוידט. עטליכע יאהר איז ער אויך געוועזען מיטגליעד פון וויענער שטאדט־ראטה. אים געמיינדעראטה איז ער געוועזען אפילו ביי די אנטיסעמיטען שטארק אנגעזעהען.

אין אלע עפענטליכע קערפערשאפטען, אין אלע חברות, וואו נאלדשמידט האט געארבייטעט, איז ער געוועזען שטארק בעליעבט און הויכגעשעצט. אלס גייסטפאלער רעדנער, אלס שלאגפערטיגער רעבאטער און אלס ערנסטער, טיכטיגער ארבייטער.

דער פערשטארבענע האט בעקומען עטליכע הויכע ארדענס־אויסצייכנונגען. ער איז געוועזען ריטער פון פראנץ־יאזעפס־ארדען, בעזיצער פון דעם גאלדענען פערדיענסט־קרייץ מיט דער קרוינע, ריטער פונ'ם איטאליענישען מויריציוס־ און לאזארוס־ארדען און פון דער פראנצעזישער עהרענלעגיאן.

* *

דאס לייכענבעגענגניס איז פארגעקומען מאנטאג, דען 27 סעפטעמבער. אין דעמזעלבען האבען זיך בעטהיילינט די אנגעזעהענסטע קרייזע פון דער וויענער בעפעלקערונג. בעזונדערס אויפגעזעהען האט ערוועקט, וואס דער בירגערמייסטער דר. לוּעגער, דער פיהרער פון די וויענער אנטיסעמיטען, איז אויך געקומען אויף דעם יודישען פריעדהאף און האט געווידמעט זיין פערשטארבענעם קאלעגען א ווארמער נאכרוף. זאגענדיג: „ווען א וועטעראן שטארבט, פרעגט מען נישט, וועלכער פארטיי ער האט געהערט. נאר מען קומט און גיבט איהם אב זיין כבוד. און אזוי טהו איך. גאלדשמיט איז געוועזען א וועטעראן אין דער ארבייט לטובת־הכלל. און האטשי ער איז געוועזען מיין געגנער, גיעב איך איהם זיין כבוד, ווייל ער האט געארבייט פאר דעם טובת־הכלל".

די רעדע פונ'ם בירגערמייסטער האט אין וויען ערוועקט א גרויס אויפזעהען. די אנטיסעמיטען זענען בייז, די וויענער יודען נאר ענטציקט. יעדענפאלס אבער בעווייזט עס, ווי געאכטעט און בעליעבט דער פערשטארבענע טהעאדאר ריטער פון נאלדשמידט איז געוועזען. תנצב״ה.

# דער דייטשער רייכסקאנצלער אין וויען.

פארינע וואך איז דער נייער דייטשער רייכסקאנצלער, דר. פון בעטהמאן־האלוועג געקומען קיין וויען, כדי זיך פארצושטעלען דעם עסטערייכישען קאיזער און כדי צו טרעטען אין נעהענטערע בעציעהונגען מיט די עסטערייכישע פאליטישע פערזענליכקייטען.

דער בעזוך פאר זיך איז שוין אזא מנהג פון לאנג; דער דייטשער רייכסקאנצלער וועט אויך בקרוב פאהרען קיין רוים, כדי זיך פארצושטעלען דעם איטאליענישען קעניג.

אבער די ענגלישע פאליטיקער, וועלכע זענען זעהר איינפערזיכטיג אויף דער דייטשע עסטערייכישען אליאנץ, בעטראכטען דיעזען בעזוך פאר א פרישער פראוואקאציע פון דער דייטשער פאליטיק און די ענגלישע פרעסע מאכט פערשיעדענע פירושים דאצו, גלייך ווי עס וואלט זיך געהאנדעלט וועגען עפיס פרישע אבמאכונגען צווישען דיעזע ביידע שטאאטען. נאר אזוי ווי זי קענען דאס נישט פערהינדערן און נישט שטערען, איז זי זיך נוקם אין דעם נייעם קאנצלער דאמיט, וואס מען מאכט הוזק פון איהם. אז ער האט זיך זעהר שלעכט בענומען. אז ער האט זיך געאייסערט איבער'ן עסטערייכישען קאיזער אין נישט־פאסענדע אויסדריקע, אז ער האט זיך געפרובט אריינצומישען אין דער אינערן אונגארישען פאליטיק וכדומה; די ענגלישע פרעסע שטעלט דעם נייעם רייכסקאנצלער אויס א שלעכט זיטענציינגיס און פערשפאטעט איהם.

אמת איז, אז בעטהמאן־האלוועג איז נישט קיין אזא געשיקטער דיפלאמאט ווי בילאוו אדער אנדערע, וועלכע האבען יאהרען לאנג דורכגעמאכט די דיפלאמאטישע שולע און ערלערנט די נויטהיגע געשיקליכקייט דאצו. אמת איז, אז ווען בעטהמאן־האלוועג וואלט מאקי געקומען קיין וויען אבשליעסען עפיס נייע אבמאכונגען, וואלט איהם זיין נישט־געשיקליכקייט מאקי געקענט שאדען — נאר אזוי ווי דאס איז נישט געשעהען און זיין בעזוך איז א בלויסער העפליכקייטס־וויזיט, איז די שמחה פון די ענגלענדער נאר נישט בעגרינדעט. אויב דער נייער דייטשער רייכסקאנצלער איז באמת א פעהיגער דיפלאמאט, וועט ער דעם דיפלאמאטישען שליף זיך שוין אויסלערנען מיט דער צייט און זיין איצטיגע אונגעשיקליכקייט וועט איהם נישט פיעל שאדען.

דאס פערהעלטניס צווישען עסטערייך־אונגארן און דייטשלאנד איז אזוי גוט און שטארק, אז עס ברויכט נישט די אייסערע פארמאליטעטען.

דער דייטשער רייכסקאנצלער איז אויך אין וויען עמפפאנגען געווא־ען בכבוד־גדול. דער קאיזער האט איהם עמפפאנגען אין א בעזונדערער אודיענץ, האט איהם מכבד געוועזען מיט א הויכען א־דען און צו זיין עהרע איז אין דער האפבורג פארגעקומען א פעסט־מאהלצייט — אויך דער עסטערייכישער מיניסטער דעם אייסערן, גראף עהרענטהאל, האט זיין גאסט און חבר אויפגענומען מיט גרויס כבוד.

# א שרעקליך פאמיליען־דראמא.

א שרעקליך פאמיליענדראמא איז פארינע וואך פארגעקומען אין באדען ביי וויען.

די פרוי מאריע שטורם האט פערזוכט, צו פערגיפטען איהרע דריי קליינע קינדער דורך קוהלענאקסיד־גאז און האט זיך אליין אויפגעהאנגען אויף דער טהיר־קלאמקע. איהר 13־יעהריגער זוהן האט דאס אלעס צוגעקוקט. ער האט אויך די מוטער אבגעשניטען פונ'ם שטריק, אבער זי איז שוין געוועזען טוידט און האט מיט איהר קערפער פערלעגט די טהיר. אזוי, ער האט נישט געקענט עפענען, כדי די קינדער צו רעטען. אכט שעה איז ער געלעגען נעבען דער טויטער מוטער און נעבען די געשוויסטער, ביז ס'איז געקומען הילף פון דרויסען.

די איינצעלהייטען פון דעם שרעקליכען פאקט זענען פאלגענדע: מאריע שטורם איז א געשיעדענע פרוי. מיט איהר מאן האט זי געלעבט דריי יאהר אין א אונגליקליכען לעבען און די עהע איז געריכטליך אויפגעלעזט געווא־ען וועגען פערשולדען פון דעם מאן. ווייט דעם לעבט זי צוזאמען מיט דעם פאטאגראף אלאאים מארייגער, אבער חתונה האבען קענען זיי נישט, ווייל זיי זענען קאטויליקען און מארע; נישט ווידער הייראטהען אהן א דיספענס פונ'ם פאפסט.

זיי לעבען צוזא־ זעהר גליקליך. אבער דאס עהע־הינדערניס האט די פרוי געמאכט טריעבזיניג און פערביטערט. פארינען מאנטאג, ווען מאריינער איז געוועזען געשעפטליך פערררייזט, הייסט די מוטער איהרע דריי קינדער, דעם 13־יעהריגען ערמונד און זיינע צוויי קליינע שוועסטערליך, געהען שלאפען, נאכדעם ווי זי האט זיי גוט אנגעטרונקען מיט וויין. ווען די קינדער ליעגען שוין אין בעט, שלעפט זי א־יין א קעסעלע מיט ברענענדיגע קוילען. דערשראקען פרעגט זי דער קליינער ערמונד, וואס זי וויל טהון. זי ענטפערט: „איך וויל שטערבען!"

די קינדער זענען באלד איינגעשלאפען, בעטייבט דורך דעם קוהלענגאז, נעגען פיער א זייגער פארטאג האפט זיך ערמונד אויף און דערזעהט זיין מוטער הענגען אויף א שטריק נעבען דער טהיר. ער בעזיצט נאך אזוי פיעל כח, ארויסצושפרינגען פונ'ם בעט און זי אבצושניידען, אבער זי איז שוין טוידט. דער טוידטער קערפער פערשפערט די טהיר, אזוי אז דער שטארק בעטייבטע ערמונד קען זי נישט עפענען. ער רופט דורכ'ן פענסטער: הלפט! הילפט! קיינער אבער הערט נישט זיין שוואכע שטימע. די שוועסטערליך ליעגען אויך האלב בעטייבט אין בעט און קענען זיך נישט ריהרען.

אזוי ליעגען זיי אלע ביז נעגען מיטאג. דעמילט קומט א נעפע פון דער פרוי שטורם. דער פריזעהר־געהילף אטטא פישער. זיין טאנטע צו בעזוכען, טרעפענדיג די טהיר פערשפערט, קריעכט ער אריין דורך א קליין פענסטערל אין קיך אריין און אזוי ארום דערגרייכט ער דאס צימער, וואו די שרעקליכע טהאט איז געשעהען.

זיין טאנטע ליעגט שוין לאנג טוידט און קאלט. נעבען איהר ליעגט דער דרייצעניעהריגער ערמונד און אין בעט די צוויי אהנמעכטיגע מעדכען.

ער אלאמירט תיכף די רעטונגס־געזעלשאפט. די קינדער ווערען אבגעפיהרט אין שפיטאל אריין, און ס'איז פארהאנען האפנונג, זיי צו רעטען. פרוי שטורם אבער איז פערלוירען.

אויף דעם טיש פון צימער האט מען געפונען א צעטעל, אין וועלכען די אונגליכע מוטער שרייבט: „ווען איך בין געוועזען שלעכט, אזוי זענד איהר, קינדער, געוועזען נאך שלעכטער!"

מען איז זיך משער, אז זי איז די שרעקליכע טהאט בעגאנגען אין א צושטאנד פון א גייסטיגער שטערונג.

א פאמיליענדראמא: מאריע שטורם מיט איהרע קינדער.



פערשווערונג אויף דעם באלקאן ; דער פירסט פון מאנטענעגרא עמפפאנגט די הולדיגונג פון מאנטענעגרינישע בויערן

# לופטבאלאן־קאטאסטראפע אין פראנקרייך.

איצט האט אויך פראנקרייך זיין „שווארצען לופט־באלאן־טאג“ געהאט. און דאס טרויריגסטע פון דעם ערייגניס פאר די פראנצויזען איז, אז דאס אונגליק איז געשעהען געראדע אין דעם טאג, ווען זיי האבען געשטעלט א דענקמאל אויף דעם ארט, וואו זייער נאציאנאל־העלד לעאן גאמבעטטא איז אים יאהר 1870 געלאנדעט מיט זיין לופטבאלאן, מיט וועלכען ער האט זיך ארויס־געהאפט פון דעם דורך די דייטשען בעלאגערטען פאריז.

אין דעמזעלבען טאג האט דאס פראנצעזישע לענקבארע מיליטער־לופטשיף „רעפובליק“, וועלכעס האט טהיילגענומען ביי די גרויסע פראנצעזישע מאנעווער און זיך אויסגעצייכנעט בעוועהרט, אונטערנענומען א רייזע קיין פאריז.

אין דער געגענד פון מולין איז פלוצים די הילע פונ'ם לופטשיף עקספלאדירט און דער באלאן איז אראב־געשטירצט פון א הויך פון הונדערט מעטער. א שרויי־בענפליגעל האט זיך אבגעבראכען און צעריסען דעם באלאן.

אין דעם באלאן זענען געזעסען פיער פערזאנען ; הויפטמאן מארעשאל, לייטנאנט שאווע, די מעכאניקער ווינצענט און בויקס. אלע פיער האבען ביי דיעזען אונפאל פערלוירען דאס לעבען, פון דעם שטאלצען באלאן זענען איבערגעבליעבען קוים צעבראכענע שטיקער.

די אויפרעגונג איבער דיעזען אונפאל אין פראנק־רייך איז נאר נישט צום בעשרייבען. דאס גאנצע פאלק בעטראכט דיעזע קאטאסטראפע פאר א נאציאנאל־אונגליק און די געטעדטעטע ווערען פערעהרט ווי נאציאנאלע מערטירער. דער פרעזידענט פון דער רעפובליק האט זיי מכבד געוועזען מיט דעם ארדען פון דער עהרענלעגיאן, וועלכען מען האט אויפגעלעגט אויף זייערע טויטע גופים. צום לייכענבעגעגעניס זענען געקומען די העכסטע מיליטער־רישע קרייזען, די פערטרעטער פון דער רעגירונג. מען האט געהאלטען ערגרייפענדע טרויערעדעס און בעשלאָסען, פאר די געטעדטעטע צו ערריכטען א עהרען־דענקמאל.

די פראנצויזישע בלעטער רופען דאס פאלק, צו שפענדען געלד, כדי שנעל צו קענען בויען א נייעם באלאן. די ברידער לעבודי האבען ערקלערט, אז זיי זענען גרייט צו שענקען דער קריעגס־פערוואלטונג זייער לופטבאלאן, כדי די רעפובליק זאל חס־וחלילה נישט בלייבען א שעה אהן א לענקבארען באלאן...

אמת, דער פאל איז זעהר טרויריג, אבער דער יריד, וועלכער ווערד דאפיי געמאכט, די טרויער נישט אזוי וועגען די געטעדטעטע מענשען, נאר וועגען דעם צערשטערטען באלאן — ווירקט שוין אביסעל קאמיש... היינט־מארגען וועט נאך קיין קריעג אויסברעכען און ביז דעמילט איז נאך צייט גענוג, אויפצובויען נייע באלאנס.

* * *

די קאטאסטראפע פון דער רעפובליק איז אבער נישט געוועזען די איינציגע, וואס איז פארגעקומען אין פראנקרייך.

אם 23 סעפטעמבער איז דער לופטשיפער פערבער אראבגעשטירצט פון זיין פליעה־מאשין אין דער נעהע פון באלאניע־סור־מער און איז געבליעבען טויט אויף'ן ארט.

פערבער איז געפלויגען אין דער העהע פון אכט מעטער, געטריעבען דורך א איינפאכען ווינד. ווען ער וויל דען אפאראט אומדרעהען, האט ער זיך שטארק אראב־געבויגען, א טהייל פונ'ם אפאראט בעריהרט די ערד און די רעדער פערקריעכען אין א ברייטער שפאלט אריין. דער אפאראט האט זיך דאדורך איבערגעשלאגען און א 400 קילאגראם שווערע מעטאלשטאנגע האט דורכגע־בויערט פערבער'ס אונטערלייב.

עס זענען באלד צוגעאיילט פערשיעדענע פערזאנען, וואס האבען איהם ארויסגעשלעפט און געלעגט אויף דער ליינוואנד פונ'ם אפאראט אבער ער האט דורך דער פער־לעצונג געליטען א שטארקער בלוט־פערלוסט און איז באלד דארויף געשטארבען.

קאפיטאן פערבער איז געוועזען איינער פון די ערשטע פליעהער אין פראנקרייך, זאוואהל פראקטיש ווי אויך טהעארעטיש. פיעלע פון די איצטיגע פליעהער זענען ערשט זיינע תלמידים. אויך זיין טויט איז פאר פראנק־רייך א שווערער פערלוסט, וועלכען זי בעקלאגט שווער.

# די הודזאן־פולטאן פייער אין ניו־יארק.

די אמעריקאנער זענען נאר א יונג פאלק אין דער וועלט־געשיכטע, קוים 400 יאהר זייטדעם קאלומבוס האט דיעזען ערדטהייל ענטדעקט. די אלטע פעלקער, וואס האבען דארט געלעבט מימים קדמונים, זענען פערשוואונדען. די נייע פעלקער, וואס זיינען דארטהין איינגעוואנדערט און האבען זיך דארט בעזעצט, האבען נאך נאר ווייניג איינענע געשיכטע. זיי קענען זיך נישט פערגלייכען מיט די אלטע איירָאפעאישע נאציאנען, וועל־כע ראבען אויפצווייזען אין זייער געשיכטע אזויפיעל וויכטיגע פערארען, נצחונות פון דעם גייסט און פון דער מאכט, בלוטיגע זיעגע מיט פייער און שווערד און גלענצענדע טריאומפע פון דעם מענשליכען גייסט, וואס בעוועגט די גאנצע מענשליכע קולטור.

איבערדעם אויך, ווען עס טרעפט זיך, למשל, די אמעריקאנער, די געלעגענהייט צו פייערן עפּיס א וויכטיגען מאמענט פון זייער געשיכטע געשעהט דאס אויף דעם העכסטען אופן און די בעגייסטערונג פונ'ם פאלק איז נאר אין לשער.

דאסזעלבע זעהען מיר אויך איצט, ווען די אמע־ריקאנער פייערן זייער הודזאן־פולטאן פייער.

מיט 300 יאהר צוריק האט דער ענגלישער זעעפאהרער הודזאן ענטדעקט דעם הודזאן־פלוס אין אמעריקא, איינעם פון די גרעסטע פליסע אויף דער וועלט. די ענטדעקונג פון דעם הודזאן האט עם ערמעג־ליכט, עס זאל פון דעם קליינעם פישער־דארף ניו־יארק ווערען איינע פון די גרעסטע וועלטשטעדט. ביי די ברזעגעס פון דעם הודזאן זענען געבויט געווארען די וויכטיגסטע אמעריקאנישע שטעדט, און מען קען רוהיג בעהויפטען, אז דער הודזאן בעדייטעט פאר די אמערי־קאנער דאסזעלבע וואס די דאנוי פאר עסטערייך־אונגארן, דער רהיין פאר די דייטשען א. ז. וו. דאס 300־סטע יובילעאום פון דיעזער וויכטיגער ענטדעקונג איז איבער־דעם פאר די אמעריקאנער א גרויסער יום־טוב און דער טאג איז געפייערט געווארען מיט דעם גרעסטען פאראד.

צוזאמען מיט דער פייער האבען די אמעריקאנער פערבונדען א צווייטע פייער, וועלכע איז צוואר נאך נישט אים גאנצען פעליג, ווייל עס פעהלען נאך צוויי יאהרען צו דעם איינענטליכען יאהרצייט, אבער די פראקטישע



די אונגארישע קריזע : לאדיסלויס לוקאטש, דער וואהרשיינליכ'ע צוקינפטיגע מיניסטער־פרעזידענט.

אמעריקאנער האבען זיי צונויפגעבונדען מיט דער הודזאן־פייערע, כדי צו פערגרעסערן די שמחה.

עס וועט נעמליך ווערען באלד 100 יאהר, זייט דעם דער אמעריקאנער פולטאן האט ערפונדען און געבויט דאס ערשטע דאמף־שיף וועלכעס האט ארויסגערופען א איבערקעהרעניש אין דעם גאנצען שיפספערקעהר און וועלכעס געהערט צו די וויכטיגע ערווונגענשאפטען פון דעם מענשליכען נייסט.

אנלעסליך פון דיעזער פייער האט מען אין אמעריקא ערריכטעט א געטרייע נאכבילדונג פון פולטאן׳ס ערשטען דאמפף־שיף קלערמאנט. מיט וועלכען ער האט צום ערשטען מאל אונטערנענומען א רייזע צווישען ניו־יארק און אלבאני.

די פייער איז אבגעלאפען נאר גרויסארטיג. פאסט די גאנצע אמעריקאנישע קריעגספלאטע איז געווען פערזאמעלט אין דעם האפען פון ניו־יארק. אויך די אנדערע וועלט־מעכטע האבען דארט הין געשיקט זייערע קריעגסשיפע, אזוי אז אים גאנצען זענען 83 גרויסע, מעכטיגע קריעגסשיפע געוועזען פערזאמעלט ביי ניו־יארק.

די אונגארישע קריזע: יוליוס יוסטה פרעזידענט פון רייכסטאג, פיהרער פון דער אפאזיציע.

די הויפטפייער איז פארגעקומען פארינען זונטאג ביי נאכט. דעמילט איז פעראנשטאלטעט געווארען א גראנדיאזע אילומינאציע לכבוד דעם גרויסען יום־טוב. עס איז געווען א בעצויבערנדע ערשיינונג, בשעת די מאסען דאמפף־שיפען, בעפוצט מיט הונדערט־טויזענדער עלעקטרישע לאמפען, זענען געפאהרען ארום די עלעקטריש בעלייכטעטע קריעגסשיפען. אויך די בריקען זענען געוועזען העל בעלייכטעט אזוי ווי אין מיטען העלען טאג. ראקעטען און פייערווערק פון אלערליי קאליערען זענען געפלויגען אהן אנאויפהער. מיליאנען מענשען האבען צוגעקוקט דעם וועלטענעם שוישפיעל. די בריגען און אלע דעכער אויף דער יום־טוב׳דיגער נאס פון 30 קילאמעטער די לענג זענען געווען פול געפאקט מיט מענשען.

די גאנצע פייער איז אבגעלאפען אהן א שום שטערונג.

## בכל־מכל־כל.

(די עסטערייכישע פאליטיק אין פראג — די יודישע פאליטיק אין דער בוקאווינא — די קראקויער פאליטיק אויף דער קאזימיעז — איבעראל הוהו ובוהו).

דאס שווערנעוויכט פון דער עסטערייכישער פאליטיק ליעגט אין פראג. דארט פלאנט מען, ראריזעט און שפעקוליערט, צו געפינען א וועג ווי אזוי הערבייצופיהרען עפיס א אויסגלייך צווישען די טשעכען און די דייטשען, כדי דער בעהמישער לאנדטאג זאלען ווערען אבייטס־פעהיג. דען נאר אן דעם אופן קען מען רעכענען דאמיט, אז אויך אין דעם וויענער פארלאמענט וועט אויפהערען די אבסטרוקציע. די טשעכען בעהויפטען נעמליך, ווי לאנג די דייטשען וועלען נישט אויפהערען מיט זייער אבסטרוקציע אין פראג, וועלען זיי, די טשעכען, נישט אויפהערען מיט דער אבסטרוקציע אין וויען.

לעת־עתה זענען אלע דיעזע בעמיהונגען געבליעבען אהן א שום ערפאלג. די רעגיערונג האט פארגעלעגט אים לאנדטאג עטליכע געזעצע, וואס ערלעדיגען די שטרייטפראגען צווישען דייטשע און טשעכען. פערלאנגען די דייטשען, מען זאל צוערשט פערהאנדלען איבער דיעזע פארלאגען. די טשעכען אבער טענה׳ן, אז צוערשט מוז זיך דער לאנדטאג קאנסטיטואירען, וועהלען זיינע קאמיסיעס און א נייעם לאנדעס־אויסשוס, דערנאך וועט מען קענען פערהאנדלען איבער אלע איבעריגע זאכען — און אזוי ווי קיין איינציגער צד וויל נישט נאכגעבען — לאזט זיך אויס פון אלע בעמיהונגען א בוידעם.

ליעגט דאס שווערנעוויכט פון דער עסטערייכישער אלגעמיינער פאליטיק אין פראג, אזוי ליעגט דאס שווערגעוויכט פון דער יודישער פאליטיק אין עסטרייך איצט אין טשערנאוויטץ.

ס׳איז בעקאנט, אז דער בוקאווינער לאנדטאג האט בעשלאסען איינצופיהרען א נייע וואהלרעפארם, לויט וועלכער דאס לאנד זאל איינגעטהיילט ווערען אין נאציאנאלע קוריען, דאס הייסט די פוילען זאלען וועהלען בעזונדער, די רומענען בעזונדער, די רוטהענען בעזונדער, די דייטשען און די יודען בעזונדער, דיעזע לעצטע קוריע זאל געטהיילט ווערען אין צוויי בעזונדערע: א יודישע און א דייטשע.

דאס איז דער ערשטער שריט, אנצוערקענען די יודישע נאציאנאליטעט אין עסטרייך און די גאנצע יודישע פאליטיק אין דיעזער מאנארכיע וואלט דאדורך בעקומען א גאנץ אנדער פנים. אויב די יודען וואלטען אויפגעהערט צו זיין אין גאליציען פוילען, אין בעהמען טשעכען אדער דייטשען עטצ. ווערען איבעראל געווען יודען און געגאלטען אלס זאלכע, וואלטען אוועקגעפאלען זעהר פיעל וויכטיגע פונקטע פון דער יודען־פראגע אין עסטרייך און ביי א געשיקטער יודישער פאליטיק וואלט אונזער לאגע זיך געקענט פיעל בעסערן.

קומט אבער די רעגיערונג און זאגט: לאו מיר קענען דיעזע וואהלרעפארם נישט סאנקציאניערען. די יודען מוזען בילדען איין קוריע צוזאמען מיט די דייטשען!

מילא, דער שטאנדפונקט פון דער רעגיערונג איז בעגרייפליך, ווען אויך נישט גערעכטפערטיגט. פון איין זייט וויל די רעגיערונג, וואס האט שוין אזויפיעל צו טהון מיט די נאציאנאלע שטרייטיגקייטען, נישט נערן זיך שאפען נאך א פרישע נאציאנאליטעט אים לאנד... פון דער אנדערער זייט איז עס א בעקאנטער סוד, אז דאס גאנצע דייטשטהום אין דער בוקאווינא שטיצט זיך אויף די דארטיגע יודען, ווייל ווירקליכע דייטשע, וועלכע דארט פא־האנגען נאר ווייניג, נעמט מען אוועק די יודען הערט די בוקאווינא אויף צו זיין א דייטש לאנד און דאס איז דער צענטראל רעגיערונג נישט אנגענעהם... איבעריגעס אויך איז דער שטאנדפונקט פון דער רעגיערונג צים בעגרייפען, ווען אויך נישט צום רעכטפערטיגען, דען איינענטליך ברויכען די יודען נישט צו זיין דאס קרבן פון דער פוילער נאציאנאליטעטען־פאליטיק אין עסטרייך. זיי וועלכע מען טרייבט און יאגט פון איין נאציאן צו דער צווייטער, ברויכט מען נישט צווינגען, דוקא צו זיין דייטשען אין דער בוקאווינא. פוילען אין גאליציען עטצ. נאר כדי די הערשענדע קרייזען זאלען האבען א שטיצע צו זייער מאכט!

אונבעגרייפליך אבער, יא גראדע צו ענטריסטונג ארויסרופענדיג איז דער פאקט, אז די רעגיערונג איז אין איהר אבזיכט, צו פערוויינערן די יודישע נאציאנאלע קוריע, פערשטארקט געווארען דורך דער אינטערווענציע פון די „יודישע“ אבגעארדנעטע דר. לעווענשטיין און דר. קוראנדא!

אויב דר. לעווענשטיין בעטראכט זיך אלס פאליאק, וועלכעס רעכט האט ער זיך אריינצומישען אין די ענינים פון די יודען אין דער בוקאווינא? ווי קאמיש ווירקט אויך דער שטאנדפונקט, אז די יודען אין קאלאמעא, למשל, זענען הייסע פאלען, אין טשערנאוויץ אבער, קוים צוויי שעה רייזע, זענען זיי שוין טרייע דייטשען!

וועלכעס רעכט האט דר. קוראנדא, וועלכער האט נאך קיינמאל נישט גערירט א פינגער לטובה פון די יודען, זיך מיט איינמאל אריינמישען אין די ענינים פון די בוקאווינער יודען?

אט דיעזע לייטע מוז מען רופען א שטרענגען: „Hands off!“ הענדע וועק פון דער יודישער פאליטיק! איהר האט קיין רעכט, זיך דא־ט אריינצומישען, ווייל איהר בלאמירט אייך אליין און דעם כלל־ישראל!

ליעגט דאס שווערגעוויכט פון דער יודישער אלגעמיינער פאליטיק אין עסטעררייך איצט אין טשערנאוויטץ, אזוי ליעגט דאס שווערגעוויכט פון דער קראקויער יודישער פאליטיק אין דער דירה־פראגע אויף דעם קאזימיעז.

ווייטערס די אונאבהענגיגע יודען האבען ביי די לעצטע וואהלען צום רייכסראטה בעוויעזען די אהוינגערופענע „קהל־פארטיי“, זענען זיי געווארען די „מושלים־בכפה“. די אלייןהערשער אין שטאדט און פיהרען א־ום די גאנצע יודישע בעפעלקערונג ביי דער נאז.

טהון עפיס לטובת־הכלל, ברויכען זיי נאטירליך נישט. זיי האבען דאך פאר א אפאזיציע נאר קיין מורא און דר. גראס פיהלט זיך מיט זיין מאנדאט זיכער לאורך־ימים.

פלוצים אבער איז איהם אויפגעשטאנען א שטן. די דירה־פראגע אין קראקוי איז שוין אזוי ברענענדיג, אז די ארימע בעפעלקערונג קען שוין נישט מעהר אויסהאלטען. דר. יאזעף דראבנער האט זיך געשטעלט אין דער שפיץ פון א קאמיטע, וואס וויל די דירה־פראגע ארדנען אין גערעכטער ווייזע.

דאס פאסט נאטירליך נישט דעם דר. גראס, ווען דר. דראבנער וועט ווערען אביסעל פאפולער אויף דעם קאזימיערז, קען זיך איהם פערגלוסטען, ביי די קומענדיגע וואהלען צו וועלען קאנדידירען צום רייכסראטה — איבער דעם מוז די גאנצע אקציע געשטערט ווערען. די חברה „אונאבהענגיגע“, וועלכע הולדיגט זייט איהר ענטשטעהען דעם יעזואיטישען פרינציפ „דער צוועק הייליגט די מיטעל“, און האט געקעמפפט געגען איהרע פריהעריגע גענגער מיט די שא־פסטע וואפען, פערדעכטיגונגען, בעשימפפונגען און אפילו אויך ביד־חזקה... איז מיט א מאל געווארען נאך צארטפיהליג און איהרע „בלעטליך“ טריפען פון פאליטישער געמעסיגקייט, רוהע און פריעדען. מען טאר נישט צו שארף פארגעהען, מען טאר נישט די הויזבעזיצער רייצען. מען דארף נאר נישט די גאנצע אקציע! מיר מיט „אונזערע ביליגע הייזער“ — וועלען שוין אלעס ברענגען אין ארדנונג!

אלע דיעזע טענות, אלע אויסריידען, דרעהעגישען, נעמיינזאמע קאמיטעס, אפיציעלע קאמוניקאטע, געהיימע פערהאנדלונגען וכדומה, וועלען אבער קיינעם נישט אבנארען און פערווישען די טהאטזאכע, אז דער עיקר פון דער גאנצער זאך איז דער פחד פון דר. גראס, נישט צו בעקומען א געגענקאנדידאט אויף׳ן קאזימיערז — כדי דאס צו פערהיטען איז איהם אלס־יינג רעכט!

ביי די דייטשען און טשעכען איז רעכט, צו צערשטערען דעם לאנדטאג און רייכסראטה, אבי אויסצופיהרען זייער עקשנות! ביי דר. לעווענשטיין און קוראנדא איז רעכט, צו פערהינדערן די אנערקענונג פון דער יודישער נאציאנאליטעט, אבי צו דערהאלטען זייער פאלשע פאליטיק! דעם דר. גראס איז רעכט, צו צערשטערען די גאנצע אקציע אין דער דירה־פראגע אין קראקא, אבי נישט צו בעקומען קיין געגענקאנדידאט אויף׳ן קאזימיערז!

אט אזוי ווע־ט אוים די עסטעררייכישע פאליטיק און די יודישע פאליטיק אין עסטעררייך!

בן־לאה.

# אים הארעם פונ'ם סולטאן.

## אריגינאל־ראמאן פון דער יונגסטער צייט.

(אכטע פארטזעצונג *)

אויף דער טענה האט טאמאשעווסקי קיין תשובה נישט געוואוסט... ער איז געבליעבען אהן לשון...

— איהר ווילט איך אלזא נישט מודה זיין — בעמערקט דער אפיציער — גוט! מיר האבען שוין געהאט אזעלכע עקשנים. אבער מיט דער צייט האבען מיר זייערע עקשנות געבראכען, איך גיעב אייך צייט דריי טעג, איהר זאלט מיר גענוי בעווייזען, וואס איהר האט אין דעם שטעדטעל געזוכט און מיט וועמען איהר האט דא־ט געהאנדעלט — ווען נישט, וועלען מיר פרובען אנדערע מיטעל...

טאמאשעווסקי איז אויש דער־ציטערט געווא־ען. הערענדיג אזעלכע דיבורים... די „אנדערע מיטעל", ער ווייסט גאנ'ץ גוט מיט וואס דאס שמעקט...

מען האט איהם באלד אבגעפיה־ט אין זיין קערקער־צעלע, וואו ער איז געזעסען מיט נאך עטליכע א־עסטירטע. אויפ'ן וועג פון דער אונטערזוכונג צו דער צעלע האט אבער אין טאמאשעווסקי'ס מוח פלוצים דורכגעבליצט א פלאן, ווי אזוי צו קענען ארויס פון זיין פייגליכער לאגע.

ווי שטרענג די „אכ־אנא" זאל נישט אבהיטען די פאליטישע ארעסטירטע און ווי שט־ענג זיי ווערען נישט אבגעהאלטען פון יעדען פערבינדונג מיט דער איבריי־גער וועלט, האט טאמאשעווסקי גוט געוואוסט, אז „הכסף יענה את הכל". אז מיט געלד קען ער זיך אויך דא אנ'עצה געבען.

— איך ברויך נור מיינע שותפים מודיע צו זיין, און וועלכער בלאטע איך געפון מיך און זיי אויספא־דערן, זיי זאלען טראכטען מיך צו בעפרייען. צוואר ווייס איך, אז זיי וועלען ציטע־ן פאר דער איינענער הויט און וועלען מורא האבען צי ריהרען א פינגער. אבער איך וועל זיי זאגען מיין מיינונג כפירוש. אז אויב זיי וועלען שווייגען, וועל איך זיין געצוואונגען, אויסצוזאגען דעם אמת. דעמילט וועלען זיי סיי־ווי־סיי אריינפאלען, איבערדעם מוזען זיי טראכטען מיך פון דאנען ארויסצושלעפען.

אט דעם פלאן האט טאמאשעווסקי געפאסט. דער עיקר איז נאר געווען, צו בעקומען א ספאסאב, ווי אזוי דעם בריעף ארויסצובעפערדערן פון ארעסט.

אין דער צעלע האט ער זיך בעראטהען מיט זיינע גענאסען, וואס זענען דארט געזעסען גלייך מיט איהם.

עס זענען דאס געווען לויטער פאליטישע ארעסטירטע, וועלכע האבען נאטיר־ליך נישט געהאט די גערינגסטע אהנונג, מיט וואס פאר א פויגעל זיי זיצען דא צוזאמען.

— איך האב א שטיקעל עצה פאר אייך — האט זיך אנגערופען איינער פון דער חברה — ווי איך האב געהערט, וועט זיך מיין סליעדסטווא באלד ענדיגען און איך וועל ארויס פריי. ווייל ס'איז געגען מיר קיין שום בעווייז נישטא. דעמילט וועל איך קענען מיטנעהמען דעם בריעף צו אייערע פריינד...

טאמאשעווסקי דאנקט איהם הערצליך און שרייבט תיכף דעם בריעף. ער פערזיכערט זיך נאך דורך'ן עהרענווא־ט פון יענעם, אז ער וועט איהם נישט פער־ראטהען און דעם בריעף תיכף ארויסשיקען.

דער שווינדלער טאמאשעווסקי'ס רעקטע פיינמאן האט טאקי גליק. דעם אנדערן טאג לאזט מען דעם ארעסטירטען פריי און ער נעמט מיט דעם בריעף. בעהאלטען אונטער'ן העמד אזוי קינסטליך, אז מען האט איהם נישט געפונען, ווען מען האט איהם דורכגעזוכט די קליידער ביים ארויסגעהן.

טאמאשעווסקי'ס חברים, וועלכע האבען זיך שוין א צייט לאנג געוואונדערט, וואו ער איז פלוצים געלם געווא־ען, בעקומענדיג דעם בריעף, ווערד זיי חושך אין די אויגען...

— א שעהנע מעשה אבגעא־בייט! — שרייט די מוהמע יענטע — איך האב איהם תיכף געזאגט, אז מיט דעם שטיק סחורה וועט ער קיין מול נישט האבען, ער האט מיט איהר געמאכט צו פיעל מהוקות און דאס האט איהם בעג־אבען...

— מילא, וואס ס'איז געשעהען, איז פערפאלען — ברומט איינער פון דער חברה — מיר מוזען איהם ארויסציעהען פון דער בלאטע, ווען נישט, וועט ער אונז אלע מיטשלעפען.

און טאקי באותו יום איז ער ארויסגעפאהרען קיין ווילנא, וואו טאמאשעווסקי איז געווען ארעסטירט, כדי צו טראכטען, איהם ארויסצובעקומען פרי...

---

*) נייע אבאנענטען ערהאלטען די פריהערי־ע פארטזעצונגען אויף פערלאנגען גראטיס צוגעשיקט.

---

### אכטעס קאפיטעל.

### דער אויפגערעגטער סולטאן.

סולטאן אבדול־האמיד האט היינט איינעם פון זיינע שלעכטע טעג.

זייט מארגען פריה, ווען ער איז אויפגעשטאנען פונ'ם שלאף, געהט ער ארום אומעטיג און אויפגערעגט.

זיינע לייבדיענער, די אייגוכען, (סריסים) וואס ציטערן געוועהנליך פאר'ן בליק פון זיינע ווילדע גרויע אויגען, שטעהען אין איין ציטערן. יעדער האט מורא ער זאל היינט נישט געמאכט ווערען קירצער מיט א קאפ... אבער יעדער ציטערט פאר זיך, קיין איינציגער וואגט עס, דאריבער צו רעדען א וואר־ט צו זיין קאלעגען, וויסענדיג אז דעם סולטאנ'ס הויף איז פול שפיאנען און יעדער איינצעלנער סריס האט די אויפגאבע נאכצושפיאנירען זיינע קאלעגען, אויב זיי ערלויבען זיך נישט עפיס א קרום ווארט איבער זייער שטרענגען הערשער.

ווילד און אויפגערעגט שפאנט אבדול־האמיד ארום אין זיין סאלאן. די הענד אויפ'ן רוקען צוזאמענגעלעגט; פון זיינע אויגען שפריצען פונקען, ער קריצט מיט די ציינער און קען זיך גאר קיין מקום־מנוחה נישט געפונען.

קיין גייעס איז דאס אפילו נישט ביי זיינע לייבגארדיסטען. זייטדעם אבדול־האמיד זיצט אויף דעם טהראן, האט ער נישט אויפגעהערט א מינוט צו ציטערן פאר זיין לעבען. איבעראל, אין אלע ווינקעלעך שוועבט איהם אנטגעגען דער שאטען פונ'ם טויד. אין יעדען מענש זעהט ער א פערדעטהער, א פערברעכער, וואס וויל פערגיעסען זיין בלוט, וואס דורשט צו שטילען דאס פייער פון זיין נקמה אין דעם בלוט פונ'ם טיראן, וועלכער האט זיך אנגעטרונקען מיט אזויפיעל מענשענבלוט...

אבדול־האמיד האט צו קיינעם נישט קיין צוטרויען. אפילו פאר די פרויען פון זיין הארעם ציטערט ער. און ווען זיי פערנייגען זיך פאר איהם און קושען זיינע פוס, האט ער מורא, טאמער בענוצען זיי די „געלעגענהייט, אריינצושטעכען א קאנדזשאל (א טירקיש מעסער) אין זיין ברוסט.

איבערדעם אויך האט ער זייט א צייט שוין פערלוירען דעם חשק צו זיין ביזהעריגער ליעבלינגס־צערשטרייאונג. אויך די שענסטע דאמען פונ'ם הארעם רייצען איהם נישט מעהר, אויך די אונשולדיגסטע קינדער, וואס מען פלעגט פון זייגעטווענען צוזאמענקויפען אין א האלבער וועלט, קענען נישט מעהר בערוהיגען מיט זייערע ליעבקאזונגען זיינע אויפגערעגטע נערוועז.

היינט אבער איז עפיס ערגער ווי תמיד...

און נישט אומזיסט. אבדול־האמיד האט בעקומען דורך זיינע שפיאנען זיכערע ידיעות, אז עס גרייט זיך אן צווישען די אפיציערע פון זיין מיליטער א „בונד" קעגען איהם, און דאפאר ציטערט ער אזוי.

מיט איינצינע מענער קען ער זיך שוין אנ'עצה געבען, ער שיקט זיי א זיידע־נעם שנור, פאר א סימן, זיי זאלען זיך אליין אויפהענגען. אדער לאזט ער פערשווינ־דען אין די פורכטבארע נעהיימע קעלערס פון זיין פא־אץ, אדער צובינדען אין א זאק און ביי נאכט אריינווארפען אין באספארוס, דעם שטרייפען ים, וואס רונגעלט ארום זיינע פאלאצען.

אבער מיט דעם גאנצען אפיציערס־קארפס קען ער זיך דאך נישט קיין עצה געבען, דאס גאנצע מיליטער וועט ער דאך נישט קענען פערניכטען.

דאצו קומט נאך, אז ווי ווייט די שפיאנען זאלען זיך נישט אנשט־ענגען, קענען זיי דאך נישט אויסגעפינען, ווער עס זענען דאס די „הויפט בונטאוושטשיקעס", ווא זיי האלטען אב זייערע פערזאמלונגען, וואו זיי שמידען זייערע פלענער, כדי איהם צו פערניכטען.

דאס ארגסטע אבער איז, אז ער האט מורא פאר זיינע איינענע סריסים, ער קען פאר זיי נישט אויסערן זיין פחד, ער קען זיך מיט קיינעם נישט בעראטהען, קיין עצה האלטען, קיין אויסוועג געפונען.

ווער ווייסט, אפשר שטעקען שוין טאקי זיי אויך אין דער מיט, אפשר חילען אויך זיי שוין איהם פערניכטען, וועט ער בעווייזען, אז ער ציטערט פאר זיי, וועט דאס נאך מעהר שטארקען זייער איבערמוטה און זיי וועלען געפונען קוראש, וואס ניכער אויסצופיהרען זייערע פלענער.

בלויז מיט איינעם פון זיינע פערטרויטע, מיט דעם שאך־אול־איסלאם, האט ער זיך געכטען וועגען דעם בעראטהען, דער שאך־אול־איסלאם, דער העכסטער מא־האמעדאנישער גייסטליכער, האט דאסזעלבע אינטערעסע, ווי ער, דער סולטאן, עס זאל אלסדינג בלייבען ביים אלטען, כדי די הויפקרייזע און די גייסטליכקייט זאלען קענען ווייטער בעהערשען דאס פאלק און מהוען, וואס זיי געפעלט.

(פארטזעצונג קומט).

# די אָרעמע ראַצניהע *)!

(סקיצע).

פערחורבנ'ט שטעהט דער וואַלד, אײַנגעוויקעלט אין אַ פינסטערע חמאַרע. די געלע בלעטער, ווי טויטע יתומים, וואַלגערען זיך אַרום, אויף דער ערד. און זייערע שוועסטער אויף די צווייגען קוים וואָס זיי אטהעמען, זאָגען שוין ווידוי. דער ווינד פײַפט, פאַכעט דורך די בוימער, ווי אַ גזלן, און רייסט זיי ווער, און די בלעטער־לעך פאַלען, ווייט פון זייער מוטער, צאַפּלען זיך, און שטאַרבען.

ווי גרויסע שוואַרצע קברים, שטעהען די הײַזער אונטען לעבען וואַלד. די טירען פערשלאָסען. די לאָדען צוגעמאַכט, און די פרעהליכקייט, געזאַנג און מוזיק איז שוין לאַנג פערשוואונדען געוואָרען, צוזאַמען מיט די ראַצניקעס.

אייניגע פון זיי זיצען יעצט מסתמא אין דער היים, די גאַנצע משפחה אַרום טיש מע'טרינקט טהע, מע'לאַכט. אין אייוועלע שפּילען זיך, לוסטיגע פייערלעך, און קנאַקען פרעהלעך צו.

אַנדערע פון זיי, זענען געווים יעצט אין טעאַטער, וואָס, צופריעדענע קוקען צו דער ביהנע. אויב מען קנייטשט זיך דאַרטען ריכטיג... מאַנכע בעגליקען זיי מיט כשר'ע שטימען... „בראַוואָ!" און אַ מאָל טאַקע אויך אַ אָפּגעריסענעם בלום... און ווען זיי מוזען אַ ווײַלע וואַרטען? קוקען זיי זיך איבער, און זוכען אומעטום, אויב מען איז דאָ?...

אפילו טאַלצע די גראָבע ראַצניהע, מיט איהר משוגע'נעם זוהן וואָס זי בלײַבט אַלע מאָל די לעצטע, איז שוין אויך אַוועקגעפאָהרען.

איין ביילע די שניידערין ראַצעט נאָך!

אין דרויסען ציעהט זיך אהן אנ'ענדרע קאַלטע פינסטערע וואָלקענס, דער וואַלד קרעכצעט אין דער פינסטער פונקט אַזוי ווי נישט־גוטע ווײַנען. דער ווינד יאָגט קלאַפּט אין פענסטער: גענוג!! גענוג ביילע צו ראַצנען! —

זי זיצט יעצט אַליין, אין דער פינסטערניש אויף דער צעריסענע קאַנאַפּע, אינ'ם קליינעם הײַזעלע בײַ ק'יסטינ'ען און טראַכט. זי ווייס נאָך נוט. ס'איז קיין גרויסער תענוג צו זיין יעצט אַ ראַצניהע. נאָר וואָס זאָל זי מאַכען!? קען זי דען פאָהרען אַ היים? דאָס הייסט אַריינפאָהרען גלײַך צו אַלעמען אין די מײַלער! און אונטער זייערע פינגער. זיי זאָלען טײַטלען: אָט איז זי די ראַצניהע! קענסטו מיר נישט זאָגען ווער די גרעפין איז!? די שניידעריקע! שמעריל דעם שוסטערס טאָכטער! איהר האָט זיך געוואָלט אַ פּריצ'טע ווערען! האָפּען דאָרט אַ חתן, פון די הויכע פענסטער!

וואָלטען זיי כאָטש נישט געוואוסט דעם אמת! נאָך וואָס זי איז געפאָהרען! נאָר די מאַמע! בײַ איהר קען זיך אײַנהאַלטען אַ סוד!? דאַרף זי דערצ..לען, פערטרויען אַ סוד, איהר שכנה. זי זאָל קיינעם נישט אויסזאָגען. און די שכנה, פערטרויט נאָך אַ ווייבעל, זי זאָל קיינעם נישט אויסזאָגען, און דאָס ווײַבעל דערצעהלט אַ פערטער, זי זאָל נישט אויסזאָגען, ביז דאָס גאַנצע שטעדטיל ווייס!

— און דער טאַטע וועט זיך אַוועק שטעלען, די הענד אין די באַקען. נו!? איך האָב געזאָגט!? מאַך זיך נישט נאַריש, ס'איז אַ שאַר די פאַר קערבלעך. שמעריל ווייס וואָס ער זאָגט! פון אַ שוסטערס טאָכטער קען מען קיין צימעס נישט מאַכען.

און די מאַמע וועט נישט קענען האַלטען איהר צאַ, זי וועט יעצט נישט קענען שרײַען אויפ'ן טאַטען: גזלן!! רוצח!! וואָס ווילסטו!? בעגראָבען אונזער שעהן קינד!? חתונה מאַכען פאַר אַ גראָבען יונג! אַבושט־אַק! הום — בײַ איהם איז רעכט אַזאַ עדעל קינד אַפּגעבען צו אַנ'אַרבייטער! זי זאָל האָבען אַזאַ קרוין ווי איהר מאַמע. — אונזער קינד איז אַ חכמה! אַ פּיקחית! זי ווייס וואָס זי וויל!

יעצט וועט זי מוזען שווײַגען, נישט געבען אַ מוק. ווער ווייס? פיעלייכט וועט זי נאָך האַלטען מיט'ן טאַטען, און דער טאַטע וועט נישט אויפהערען ענבערען: דרייסיג קאַרבען! אַ קלייניגקייט דרייסיג קאַ־בען!! דעם האַלבען נדן! און זי וועט קיין אַ־ט נישט האָבען. זי וועט זיך דאַרפען בעהאַלטען פון אײַנעם טאַטען, און פאַר די מיידלעך זיך נישט ווײַזען. אָבער וועט דאָס העלפען? ווייער בליק וועט דורכ'שטעכען דורך'ן הייזעל, זייער געלעכטער וועט זיך אַ־ײַנרײַסען, דורך די פענסטער. זי וועט נישט אויסהאַלטען: ביילע! ביילע דאָס שעהנסטע מיידיל פון שטעדטיל, זאָל ווערען בײַ אַלעמען צום אויסלאַכען.

זי שפּרינגט אויף: ניין! איך פאָהר נישט!! האַ? נישט פאָהרען? בלײַבען דאָ ווינטערן? שלאָפען און — עסען שניי — —

איך בין משוגע!! אהן אַנ'עצה האַפּט זיך זיך פאַר'ן קאָפּ. וואָס זאָל זי מאַכען? וואָס זאָל זי טהון? ווען זיי וואָלטען געוואוינט אין אַ גרויסער שטאָדט! — דעמאָלט וואָלט זי קענען פאָהרען — דעמאָלט וואָלט זי נאָר נישט געפאָה־ען אַהער! אויפ'ן דאַצע. אין אַ גרויסער שטאָדט זענען דאָך דאַ אַזויפיעל! אַזויפיעל! און ווער ווייס דאָרטען ווער מ'איז? זי איז אַמאָל געווען בײַ דער מוהמען אין גאַסט. זיי זענען געגאַנגען שפּאַצירען אין בולוואַר, און אַזויפיעל קאַוואַליע־ען, שעהנע קאַוואַליערען האָבען אויף איהר געקוקט — — געווים, צו דער מוהמען פאָהרען! דאָ־ט וועט זי אַנקומען צו אַ שניידערין, און — און... עס וועט זיין גוט! — אויסגעצייכענט!... — זי וועט מוזען געפונען... און נאַכדעם אַז זי וועט פאָהרען אויף פּסח אַ היים, — דעמאָלט וועט זי פון זיי לאַכען!..

זי געהט צו צום פענסטער, זעצט זיך אויפ'ן שטול, און קוקט אַרויס. דער ווינד פײַפט, און קלאַפּט אין די שויבען. און איהר דאַכט זיך, זי זעהט, זי זעהט דאָרטען דעם וואַלד. אונטען שטעהען די הײַזלעך, דאָרטען אין עק איז די ווילאַ וואו באָריס האָט געוואוינט...

אַ שווערער זיפץ. האָט זיך פון איהר ברוסט אַרויסגעריסען... — זי האָט געמיינט אַז אָט, אָט איז פערטיג, זי וועט זיצען דאָרט אין דער ווילא, צוזאַמען מיט זיין מאַמען און שוועסטער. זיי אַלע וועלען איהם קלאַפּען איבער דער פּלייצע: „אַ שעהנע כלה האָסטו אויסגעזוכט!..." — געווים, געווים. ער האָט איהר דריימאָל געזאָגט, אַז ער האָט זי ליעב! — און ווי שעהן ער האָט גערעדט!? איבערהויפּט רוסיש. האָטש זי האָט נישט פערשטאַנען, דאָך האָט זי געזעהען אַז ער קען...

אַ אינטעליגענט בלײַבט אַ אינטעליגענט...

איהר האָט זיך אַזוי געוואָלט וויסען דעם „עיקר" וואָס ער האָט געמיינט, אָבער זי האָט זיך געשעמט... און האָט נור געזאָגט דאַ, דאַ, דאַ, ביז ער האָט אָנגעהויבען רעדען יודיש, דאַ האָט זי זיך אָפּגעלעבט... און זי האָט איהם אַלעס דערצעהלט וואָס פאַר ראָמאַנען זי האָט געלעזען, און ווי גוט יענער געליעבטער איז געווען צו דער אָרעמער יתומה... — אַך! שלמה'קע דער מיליכיקער, דער שד ווייס! דאַרף איהם דער רוח אנטראָגען אַהער - מיט אַ רומעל האָלענדער קעז. און פּײַנט ער זיך אויס, אַז פון זיין שטעדטעל, ראַצעט דאַ אַ מיידיל. איז עס דאָס נאָך ווענינ!? גרישעט ער אויס אַלעם! אַלעם! אַז איהר טאַטע איז אַ שוסטער און הייסט שמעריל פּיקח. און אַז אין די ביכער איז ער פערשריבען שמעריל גרין. נאָר ווײַל ער זאָגט שטענדיג אַז ער איז אַ שוסטער מיט די הענד, אָבער אין קאָפּ האָט ער שכל, דערפאַר רופען איהם אַלע „פּיקח" — הום... וואָלט זי האָבען כח!? וואָלט זי איהם צעריסען ווי אַ הערינג! און זיין פּעקעל קעז צוריינוואַרפען אין פּאַמוניצע. אָבער נעה מאַך אַז ער איז געווונד ווי — אַ אַיוואַן! שפּעטער, וואָלט זי איהם אַליין אויסגעזאָגט, וואָס איז? וואָס וואָלט זי מורא ניהאַט!? ווי דער טאַטע זאָגט: נאָך דעם „הארע אַט' (הרי את) קען מען שרײַען „חיים קײַע!" (חי וקים) און די ראַצ׳וועגע איז פערטיג. און ווידער וואָלט עס נאָר נישט אַ־ען, ער האָט דאָך איהר אַליין געזאָגט, נאַכדעם, איהר טאַטע קען זיין כאָטש אַ דרײַעטאַזנער. שוסטער. איז זי דאָך איהם געפעלען, אַזאַ שעהנע וועט ער נישט געפינען בײַ די רײַכע... און אַז זי האָט איהם געפרעגט, ווען ער וועט שרײַבען תנאים?

דאָ האָט ער זיך פערטראַכט... זי האָט געזעהען ווי ער האָט געזאָרגט. געווים ווי צו פועלען בײַ זײַן מאַמען זי זאָל אויך מסכים זיין. וואָרין דאָס איז דאָך נישט קיין קלייניגקייט! אַזאַ רײַכע ווי זײַן מאַמע, זאָל נעמען שמעריל'ס טאָכטער פאַר אַ שנור... — הום... און אַז זי האָט איהם געפרעגט, וואָס ער טראַכט? האָט ער אַ וואָ־ט נישט געזאָגט, ער האָט נישט געקענט רעדען, דאָס האַרץ האָט בײַ איהם פערקלעמט...

פּליצלונג האָפּט ער זי אַרום און שטאַרק, שטאַרק, גענומען דריקען צו זיך, און — און האָט זי אַ קוש געטאָן — נאָכדעם־נאָך אַ קוש — און נאָך אַ קוש, און זי האָט געזעהען אַז ער האָט זי טאַקע מיט אַן אמת'ען ליעב. זי האָט זיך ניט געקענט אײַנהאַלטען און האָט איהם אויך אַ קליינינקען פּיצינקען קוש געגעבען — דאָ! דאָ! איז אַוועק ווי אַ מזמור!

— הע! ער האָט אַלע בײַנער צוטרעסעלט, און אַזוי פיעל! געקושט! זי האָט געמיינט, ער וועט משוגע ווערען פון ליעבע!... גוט וואָס קריסטינע איז פּליצלונג אַריינגעגאַנגען, אָבער זי האָט זיך אַזוי פערשעמט! חאָטש זי האָט פאַר איהר קיין מורא ניהאַט — און קריסטינע האָט אַזוי מאָדנע געקוקט אויף איהם. און זאָגט „ווישע דעיוקי דורני", און זעצט זיך אַנידער, און ער האָט זיך אויך געשעמט... און געשוויגען... ווי אַ לעמעלע, זי קוקט אויף איהם און קוקט און ער שווייגט, ביז ער האָט גענומען זיין הוט, און זאָגט שטיל: איך געה אַהיים, און אַז זי האָט איהם דער מאַהנט וועגען די תנאים, האָט ער זיך ווידער אַביסעל פערטראַכט... און זאָגט: גוט! אַביסעל וועט דאָס מוזען דויערען.... און איז אַוועק, און קריסטינע האָט אַלעס אַזוי מאָדנע געקוקט אויף איהם, ווי ער איז אַרויס געגאַנגען, איז זי צו געגאַנגען צום פענסטער, און נאָכגעקוקט ווי ער געהט, און אַז ער איז שוין געווען ווייט, ווייט, איז זי אונטערגעגאַנגען צו איהר, קוקט אין די אויגען, און זאָגט: דיישע! — מישינקאַ! טי־נע באַ־נאַ־טאַ־אַ, נע־וואָר! נע־וואָר! טאַ־קיך־טאַקיך! חלאָפּצעוו!..." און איז אַרויס —

— און זי האָט געטראַכט, עה! וואָס ווייסט זי? די אַלטע גויקע!? — הום?... — און צום סוף איז אויסגעקומען אמת! — זי האָט געוואַרט. געוואַרט, אַלע טאָג געוואַרט, ביז אַ שטיק אין דער נאַכט, און נישטאָ! — האָבען זיי איהם נישט געלאָזען געהן? אָדער? — אָדער האָט ער אַליין.... — אַה! ניין! עס קען ניט זיין! ער האָט זי דאָך אַזוי ליעב געהאַט! זיי! זיי! זיין מאַמע! זיינע שוועסטער! זיי האָבען איהם ניט געלאָזען — — — אָבער פאַר וואָס? — ווען זי האָט איהם געזעהען, מיט ראַצ׳יקעס אין ראַצניקעס אין וואַלד, איז ער אויך ניט צוגעגאַנגען. האָט ער זי ניט געזעהען?.... ניין ער האָט זיך געמאַכט ניט זעהענדיג. ער האָט זיך געשעמט, איהר טאַטע איז אַ שוסטער!....

— — — — איהר קאָפּ זינקט טיעף אַרונטער. דאָס האַרץ קלאַפּט האַסטיג, און געדאַנקען וואָס האָבען קיין אָנהייב און קיין סוף שוועבען פערבײַ ווי קליינטשינקע שדים'לעך, דאָ טרייסטען זיי איהר מיט שעהנע האָפנונגען, אין דאָ שטעכען זיי איהר אַזוי ווי מיט נאָדלען און לאַכען! לאַכען....

— — — — — — — — — — — — —

אונטער'ן טיר הערט זיך, ווי קריסטינע עסק'ט זיך מיט דער בהמה, שו! שו! פּאַדלע! שו! און דער חזיר האָט אויך עפּעס אָנגעהויבען וואָרצען.

די טהיר עפענט זיך. אין קריסטינע געהט אַרײַן אײַנגעוויקעלט אין אַ קאָלדרע, און האַלט אַ אָנגעצונדענעס ליכטעל אין האַנד.

ביילע קוקט זיך אום תמ־עוואַטע. —

און קריסטינע ט־עסעלט זיך פון קעלט: — ביילע! מילינקאַ! יאַ באַלשע, נע מאָגו! זאָגט זי בעטענד. טאַם האַלאַדנאַ. אוזשנאַ! חאַלאַדנאַ!

ביילע קוקט, און ווייסט ניט, וואָס.

— יאַ באַלשע נע מאָגו' טאַם חאַלאַדנאַ! אוואַשנאַ! האַלאַדנאַ. חזר'ט איבער קריסטינע.

לאַנגזאַם שטעהט זי אויף. קוקט אויף קריסטינ'ען —

— יאָ, ני זי פערשטעהט שוין.... נאָר וואָס זאָל זי מאַכען? — קען זי דען פאָהרען? — צו דער מוהמען?

*) „דאַטשע" — אַ זומער פרישט.

צו דער מוהמען — יא! יא! צו די מוהמען! זי שפרינגט אויף: קריסטינילע! זאוטרא! זאוטרא!

— פראוודא זאוטרא?! — א וואיעש מילינקא פאישוך אי קאראווקא יוש נאפאשו נעחאדיטאי.....

— נו דאברא! דאברא! שלאגט זי'איבער ביילע. זאוטרא! וואוטרא! קאנען!!

— א — יעשלי נע פרא'ורא פורעט — טא!.. און נעהט ארויס.

— — — ביילע בלייבט שטעהן — יא! קיין איינציגען טאג! קיין איינציגע מינוט מעהר! זי מוז! מוז! צו די מוהמען — — — — —

האסטיג צינד'ט זי אן דאס לעמפעל, און עפענט איהר קערבעל, האפט די קליידלעך, און וויל זיך שוין פאקען.

דער פאהן נעהט האלב וועקס אין דער פריה... דא־ך זי שוין פיער א זייגער פון דאנען ארויס פאהרען — און צוערשט בעשטעלען דעם פוהרמאן...

זי נעמט ארויס איהר טייסטעריל און צעהלט: איינס־צוויי־דריי רובעל מיט פיער און צוואנציג קאפקעס. צוויי רובעל מיט פינף און דרייסיג, וועט קאסטען א בילעט, פינפציג וועט קאסטען די פיהר, ציוואנציג קאפקעס איז זי נאך שולדיג קריסטינען, בלייבט איבער... בלייבט איבער... ניין און צוואנציג — ניין! ניינצען! — פאר די ניינצען קאפקעס וועט זי קויפען מילכיגע בולקעס, ברויט און א שטיקעל פיטער האט זי נאך, וועט זיין חאטש געגוג! יאָ! זי [illegible] שוין שלאפען.

זי לויפט ארויס. —

— שטיל איז אין שטיבעל. דאס לעכפעל ברענט אומעדיג, שמעלקעט. דאס קערבעל אפען, און די קליידלעך צו ווארפען, ווי שמאטעס פאר'ן הענדלער, ליגען אויפ'ן קאנאפע, און ווארטען אויף ביילען, דער קליינער וואנד זייגער קלאפט תיזעריג שטיל, עס געהט דורך א האלבע שעה, זי איז נאך נישטא.

אין דרויסען פייפט נאך דער ווינד, און קלאנט, דאס דער־פעל איז שוין לאנג פערזינקען אין שלאף, און די ביסעל א'נוואהנער, חלומ'ן נעוויס: אין א האלב יאהר ארום קומען ווידער די דאצניקעס.....

און ביילע פאזעט, שוואך, לאנגזאם, דארט אין דער פינסטער, פון בערגעל ארונטער, און בלייבט יעדער ווילע שטעהן, איהרע פיס טרעסלען זיך, דער קערפער ציטערט, און איהר דאכט זיך: אט! אט פאלט זי און זי בלייבט דא ליגען, דא! דא! אליין אין דער פינסטער אונטער דעם שווארצען, קאלטען הימעל. די וואלקענ'ס וועלין איהר בעדעקען, און דער ווינד וועט קלאגען, אדער? לאכען,...

און אט אנטקעגען דער וואלד, ווי א גרויסע ווילדע חיה, קריכט אלץ נעהענטער און נעהענטער, און שטרעקט דינע לאפעס אוים, און וויל איהר א־ום נעמען — און איינשלינגען..... — — —

זי איז שוין צוריק ביי איהר הייזעל, און עפענט די טהיר, קוים וואס זי נעהט אריבער דעם שוועל, און פאלט אויפ'ן קאנאפע — — גזלן! גזלן! שעפזענען איהרע ליפען, א גאנצען רובעל זאל זי איהם געבען, וואו נעמט זי — נאך — עלף — קאפיקעס!!? איבער עלף — קאפ... — זיי וועלען לאכען! פון איהר, פאר א משו־נענע האלטען — און אלעס! אלעס! איז נעוועזען אומ־זיסט,....... און ער!? — ער — איז — דא־ט!! — אין שטאדט, מיט זיי! מיט די דאצניחעס, און לאכט — לאכט מיט זיי..... און פון איהר טראכט ער נאר ניט!!... נאר ניט!!.... זי איז א־עם! ארעם!

— איהר יונגעס א־עמעס הערץ האט זיך צוזאמען געדריקט, און ניט געלאזען מעהר אטהעמען, און אהן הילף פערלאזען ווארפט זי זיך אריין מיט'ן געזיכט אין די קליידלעך, און מיט ביידע הענד האט זי שטארק, שטארק צוזאמען געדריקט דעם קאפ, און א פערשטיקטער געוויין און דער בעגלייטונג פון א קראמפענדען כליפען, האט אנגעפילט דאס הייזעל.

אין שטיבעל איז שטיל, נור דער קליינער זייגער העלפט איהר קרעכצען, און דאס לעמפעל שמעלקעט קוים, דאס קערבעל פעריתום'ט ווארט אויף די קליידלעך....

אין דרויסען יאמערט אין קלאגט דער ווינד:

. . . . . . . . . . . . . . . . .

די אָרעמע דאצניחע!!

וויען. — שאול פראסט.

# פאר וואס

## וועגען זיך גאליצישע יודען אזוי שטארק משמח אים שמחת תורה?

ווייל די „יודישע" אבגעארדנעטע פונ'ם פוילענקלוב, האבען געפוי'עלט, אז יודען מעגען זונטאג אפען האלטען די געוועלבען.

ווייל די „יודישע" אבגעארדנעטע פונ'ם קאלא פאלסקע, האבען געשטימט פאר'ן אלגעמיינעם, גלייכען, דירעקטען און געהיימען וואהלרעכט א אלע אינסטיטוציעס, וואס האבען א שייכות מיט דער עפענטליכקייט.

ווייל די „יודישע" אבגעא־דנעטע פונ'ם קאלא פאלסקיע, אינאיינעם מיט'ן „ווילדען" דר. גראס און מיט'ן „געמעסיגטען" גאל, האבען אריינגעבראכט א פאר דרינג־ליכקייטסאנטרעגע בנוגע וויכטיגע יודישע כלל־ענינים.

ווייל די משיטעלניעס ב'שם גאלדמאן, מאכען אזעלכע גרויסע פארטשריטע, אז טויזענדער יודען קומען לעזען די „פאזשיטעטשנע קשאנשקעס".

ווייל די העברעאישע שולען ווערען פון דער רעגירונג און פונ'ם קולטוס אונטערשטיצט צו יע עטליכע טויזענד רייניש א זמן.

ווייל יודישע שילער, ווערען אין די שולען אזוי בעהאנדעלט ווי די קריסטליכע.

ווייל יודישע שילער זאגען אוים דעם אמת אין שול, אז זיי, זייערע טאטע־מאמע, זייערע זיידעס און עלטער־ויידעס, האבען קיין אנדער לשון צווישען זיך ניט גערעדט נור יודיש.

ווייל דער סלאווא פאלסקיע, טשאס, און נאך אנדערע פוילישע שמאטעס ווערען פון יודען ניט געלעזען אף דאריבער מוזען זיי הײנט־מאר־גען געהן א גאנג.

ווייל אלע מודעות פונ'ם קולטוס, זענען געשריע־בען ריין יודיש, א ייד זאל זיי [illegible] לייגען און פער־שטעהן.

ווייל אין יעדער שטאדט און שטעדטיל איז דא א יודיש נאציאנאלהויז און קולטור פערשפרייט מען, בכל תפוצות הגולה.

ווייל אין אלע רעגירונגסעמטער, ווערען יודען אויפגענומען לויט'ן פראטענטזאץ און יעדער ייד קען זיך אין יעדען אמט אויסטענה'ן אין זיין לשון, מיט „זיינעם א מענש.

ווייל אין קולטוס און אין געמיינדעראט ווערען די שטארטגיטער פערדונגען פון פרייער האנד און ס'־געהט נישט אן קיין יחוס, אדער קיין פראטעקציע.

ווייל די „קאלקא דאלניטשעס" מיט די „טארהאזולעס" האבען רע־לענט דעם קאפ, האבען גענומען אנועצען און יודען האבען גאנץ שעהן פ־נסה.

ווייל יודען קאנקורירען ניט איינער מיט'ן אנדערן, און יעדער נעהמט עס נוט, וואס נוט הייסט.

ווייל איינער פערגינט דעם אנדערן מיט'ן גאנצען הארצען און איז חלילה ניט מקנא. טאמער לייזט יענער א וועקסעריל.

ווייל אין אלע שטעדט וענען דא גרויסע פאבריקען, וואס בעשעפטיגען טויזענדער א־בייטער דארונטער א גרויסען טייל יודען און אין אלע שטערט האבען יודען רעפורם שעהנע הכנסות.

ווייל די יודישע פערוא־נערס, מיינען ניט קיין מאנדאטיל אדער עפ'ים א געשעפטיל פון זייערעטוועגען, נור זיי ארבייטען בלויז פאר טובת הכלל.

ווייל אין אלע יודישע חברות און אינסטיטוציעס, ווערען די גרייצערס פערוואלטעט כדבעי און ס'ווערד חלילה אין ערגיץ ניט נחסר איין פרוטה.

ווייל די גרייצערס פון צדקה פושקעס געהען אוועק ער פרוטה אחת קיין ארץ ישראל און דער גבאי דער־לענט אפילו פארטא פון זיין קעשענע.

ווייל יודען האבען זיך אויפגעהערט צו שלאגען איבער ששי, שלישי, איבער אתה הראית און איבער אנ־הקפה.

ווייל די נייע יודישע באנק „קרעדיט־אוניאן" לייהט יעדען ור א גמילות חסד אהן עיסקא און אהן א משכון.

ווייל אונזערע ציוניסטישע פיהרערס האבען מיט זייערע גרייצערס געמאכט פאבריקען אין ארץ ישראל און טהון „רעאלע ארבייט אין פאלעסטינא".

ווייל די רעגירונג האט איינגעפיהרט נאציאנאלע קאטאסטער און יודען ווערען גע־עכענט פאר א בעזונ־דערע אומה.

ווייל דער העברעאישער קולטור־קאנגרעס האט מרעיש עולמות געוועזען און האט בעוויעזען מיט אותות ומופתים, אז די יודען רעדען בכל את־ ואתר נור—לשון קודש.

ווייל דאס ביורא פון דער איינציג יודיש נאציא־נאלער שפראכאנפערענץ פערשפרייט קולטור אין אלע עקען פון דער וועלט, ווי ס'געפונט זיך נור א ייד.

ווייל די פועלי ציון, האבען בעקומען פון דעם לעצטען סאציאליסטענקאנגרעס א פאטענט אויף זייער סאציאליזם.

ווייל די ציוניסטישע פארטיי האט געענדערט איהר פ־אגראם פון „עפענטליך — רעכטליך" אויף „פ־אנק און פ־יי".

ווייל אין „טאגבלאט" האט מען אין לעצטער צייט נעטראפען א העברעאיש ווא־ט אהן א גראז — און

ווייל זיי האפען, אז מיט דער צייט, וועלען די אלע אויסגערעכענטע זאכען, סוף כל סוף מקוים ווערען...

ז. האבער.

---

# קראקאווער טהעאטער.

## א. „טהעאטער מיעסקי".

אין איינער פון די לעצטע זיצונגען פונ'ם גאלי־ציישען לאנדטאג איז פארגעקומען די דעבאטע איבער דעם לעמבערגער שטאדטטהעאטער. דער אבגעארדנעטע דר. אלעשניצקי האט [illegible] שטארק קריטיזירט און דאבי־ הערפארגעהויבען, אז דאס לעמבערגער טהעאטער וואלט זיך בעדארפט נעהמען א מוסטער פון דעם טהעאטער אין קראקא.

ווען דר. אלעשניצקי זאל אבער געוועזען האטש איינמאל בעזוכען דאס קראקויער „טהעאטער מיעסקי", וואלט ער זיכער בעקומען אַנ'אַנדערע מיינונג פון דעם קונסט־טעמפעל. אמת, עס ווערען דא אויפגעפיהרט בעסערע שטיקע ווי אין לעמבערג — פרעגט אבער נישט ווי אזוי?

די שארפסטע אילוסטראציע דאצו איז די אויפ־פיהרונג פון העבעל'ס „יהודית" אים ריעזען טהעאטער. מיט אויסנאהמע פון די צוויי הויפטראלען יהודית (ווייסאצקא) און האלאפערנעס (סאסנאווסקי) און פון דער קליינער נעבענראלע דער שטומער דניאל (וועגנרזין), וועלכע זענען אויסגעפאלען זעהר גוט. איז דאס איבריגע געוועזען בלויז א קא־יקאטור פון דעם גאנצען העהליכען שטיק. די סצענע פון די הונגעריגע יודען פאר דער מויער האט אויסגעזעהען ווי עס'ם א שטראסען־אויפלויף אויפ'ן קאזימיערז. אלעס אזוי משונה ווילד, אהן טעם, אהן געשמאק — די פא־שטעלער פון אפרים, אביור, מירצא. פון די כהנים און זקנים האבען פאסט קיין איינ־ציגע ערפילט זייער אויפגאבע. אזוי אז דאס גאנצע הערליכע שטיק האט פערלוירען פיעל פון דין ווע־טה. —

ווען מען פיהרט אויף אזא קלאסיש דראמא אין אזעלכער וויזע, איז דאס בלויז א נעריינשעצען פונ'ם פובליקום — א'אנדערע קריטיק קען מען דארויף נישט געבען.

### ב. „טהעאטער לוראווי“.

אים טהעאטער לוראווי איז לעצטען שבת אבענדס אויפגעפיהרט געווארען דאס שוישפיעל „Powiórne małżeństwo“ פון דער יודישער שריפטשטעלערין א. קלאס (פסייראנים). וועלכע איז שוין גוט בעקאנט דורך איהרע פריהערע ליטעראַרישע ארבייטען. אונטער אנדערעם האט זי בעארבייטעט פאר דער ביהנע די ערצעהלונג „מאיר עזאפאוויטש“ פון עליזא ארזעשקאווא מיט גרויסען ערפאלג. אויך איהר איצטיגע שוישפיעל איז גלענצענד געלונגען און דאס צאהלרייך פערזאמעלטע פובליקום, פון די בעסטע געזעלשאפטס-קרייזע, האט די פערפאַסערין לעבהאפט אקלאמירט און איהר איבערדייכט בלומענקרענצע און בוקעה'ס.

די דירעקציע, פאר אלעם פערזענליך דער דירעקטאר ה' ריניער, וועלכער האט געשפיעלט די הויפט-ראלע אין דיעזען שטיק, האט זיך געגעבען די גרעסטע מיהע דאַרצושטעלען דאס שטיק אויף דעם בעסטען אופן. אלע דאַרשטעלער האבען אויסגעפילט זייערע ראלעס אין דער בעסטער וויזע און האבען ביינעטראגען צו דעם עכערן ערפאלג פון דער אויפפיהרונג. (X)

## מיטהיילונגען פונ'ם פובליקום.

(פאר דיעזער רובריק איז די רעדאקציע נישט פעראנטווארטליך)

אין „אונזער לעבען“ נו' 207 איז אבגעדרוקט א בריעף פון מאריענבאד, אין וועלכען ס'ווערט בעריכטעט איבער דעם היזיגען טויבשטומען קונסטמאלער ה' ראזענבלום.

אזוי ווי אין דעם בעריכט קומען פאר עטליכע אונריכטיגע ידיעות ווענען די פאמיליענפערהעלטניסע פון ה' ראזענבלום וועלכע קענען פיהרען צו געוויסע אונאנגענעהמליכקייטען, זעה איך מיך פעראנלאסט, פעסטצושטעלען, אז ס'איז נישט ריכטיג די ידיעה, דאס ה' ראזענבלום ענטשטאמט פון א ארימע פאמיליע און אז ער האלט איצט אויס זיין גאנצע פאמיליע מיט דעם וואס ער פערדיענט פון זיינע בילדער.

ריכטיג איז פיעלמעהר, אז ה' ראזענבלום ענטשטאמט פון איינער זעהר רייכען פאמיליע. זיין נאטירליכער פאטער וואר בעזונדערס רייך. אויך יעצט איז זיין מוטער וואהלהאבענד און זי האלט איהר זוהן נאך ביז היינטע אויס און דעקט די קאסטען פון זיין שטודיום. אייך דעססען ברודער אין אנטווערפען איז וואהלהאבענד אינד עס ליענט נאר נישט פאר די נוטווענדינקייט דער טויבשטומער מאלער זאל זיין פאמיליע אונטערשטיצען.

קראקא. איש אמת.

# די ציעהונג פון די ארץ־ישראל־לאזע

אין־פארגעקומען

## זאנטאג ב׳ דחול־המועד סוכות, 4 א זייגער נאכמיטאג

## אים זאאלע פון „האטעל לאנדרעס״, קראקא, סטראדאם.

דער ציעהונג האבען ביינעוואהנט פיעלע לעזער און אבאנענטען. זאנאר פון דער פראווינץ זענען אבאנענטען געקומען.

צו קאנטראלארען פון דער ציעהונג זענען בעשטימט געווארען די נאנציעהרינע אבאנענטען און לאזבעזיצער: ה׳ סאמועל נערסטנער, יעלען, ה׳ מ. כ. קליינמאן, קראקא און ה׳ פרין קליינבערגער, קראקא.

געוואונען האט דאס לאז נו׳ 288 וועלכעס געהערט אונזער גאנציעהריגען אבאנענט ה׳ **יאזעף באקסענבוים**, קאלאמעא.

ה׳ באקסענבוים איז תיכף בריעפליך פערשטענדיגט געווארען, אז זיין לאז האט געוואונען.

מיר ערווכען איהם, ער זאל ביז 4 וואכען מידיע זיין, ווען ער האט ברעה די רייזע צו אונטערנעהמען, כדי מיר זאלען איהם צושיקען די קארטע.

## די אדמיניסטראציע.

---

## Zjedn. austr. akc. towarzystwo żeglugi parowej „AUSTRO-AMERICANA"

**Regularny i bezpośredni ruch z Austryi do Ameryki, Kanady i t. d.**

| Rozkład jazdy: a) z Tryestu do Nowego Yorku | | Ceny jazdy z Krakowa: I. klasy | II. klasy | III. klasy |
|---|---|---|---|---|
| Martha Washington | 17 lipca | K. 431·40 | K. 355·10 | K. 208·80 |
| Argentina | 7 sierpnia | » 431·40 | » 330·10 | » 208·80 |
| Laura | 21 » | » 431·40 | » 330·10 | » 208·80 |
| Martha Washington | 2 września | » 431·40 | » 355·10 | » 208·80 |
| Alice | 11 » | » 431·40 | » 330·10 | » 208·80 |
| Oceania | 18 » | » 431·40 | » 330·10 | » 206·80 |
| Argentina | 25 » | » 431·40 | » 330·10 | » 208·80 |
| Laura | 9 październ. | » 431·40 | » 330·10 | » 208·70 |

**Ceny zawierają już amerykański podatek (pogłówne)**

Dla pasażerów jadących przez Nowy-Jork do Kanady **obniżają** się powyższe ceny o **K. 20.**

**b) z Tryestu do Argentyny przez Rio de Janeiro**

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| Sofia Hohenberg | 4 sierpnia | K. 731·40 | K. 555·50 | K. 118·80 |
| Francesca | 15 września | » 731·40 | » 555·50 | » 118·80 |

Cena jazdy międzypokładowa Kraków — Rio de Janeiro . . . . » 158·80

**Zmiany zastrzega się**

Jeneralna Ajencja dla Galicji i Bukowiny i sprzedaż kart okrętowych

GOLDLUST i SKA.

Kraków, ul. Lubicz 7. (naprzeciw dworca kolej,)— Lwów, ul. Na Błonie l. 2. jakoteż wszystkie prowincjonalne ajencje.

---

## קנאפף־מאשינען



נעבסט צוגעהע־ע צום זעלבסטאנפערטיגען פון שטאף־ און לעדער־קנעפפע פיר העררען־ און דאמען־קאנפעקציאן, מעבעל, וואגען עטצ. אויך טרעסענקנעפפע, דאפעל־קנעפפע זאוויא קנאפפטיילע (כוטצען) איינעגעם פאבריקאט עבענזא אלע א־ט פאזאמענטיר־ארבייטען ליעפערט צו זעהר בילינען פרייזען:

**Posamenten & Knopffabrik**

**L. Taschner, Krakau, Grodgasse 6.**

פרייזקוראנטע אויף פערלאנגען גראטיס.

---

## חדשה בספרות החנוכית.

## „שפתנו"

ספר למוד השפה העברית עפ"י השטה הטבעית. מאת רפאל סופרמן וצבי שרפשטין.

חלק ראשון. (לשנת הלמיד הראשונה). **אלפא־ביתא ומקראה**

עם תמונות וציורים. מחירו כתר ועשרים הלר. פורטא 5 הלר. הוצאת „השרון", פשמישל.

„שפתנו" הנהו עפ"י סדורו המצוין, הדרגתו הנבונה, תכנו המענין והמועיל והדורו החיצוני— האלפון המשובלליהיחידי, העולה על כל הקודמים. — פרוספקט מפורט ישלח לכל דורש.

המכירה הראשית נמסרה אל

**Amkraut & Freund, Przemyśl** (Galizien).

---

## Lecznica chirurgiczna Zakład Roentgenowski

## Dr. Artura Frommera

Godziny ord. 9—11 przedpoł. 3—5 popoł.

**Kraków, Tomasza 18. Róg ul. Floryańskiej**

Telefon Nr. 81.

---

סענזאציאנעללע נייהייט!

בערייטס איבער די גאנצע וועלט פערבייטעט!

ענארם בילליג!

## מאנדליכט

איין וואונדער דער חעמיע אין יעדעם הויזע

זיננרייך קאנסטרואירטער אפפאראט. לייכט אונבעדינגט זעלבשטענדיג. קיין ברענשטאף נעטיג קיינע ווארטונג, דאהער גאראנטירט קאסטענלאז אונד דויערנד אים געברויך. פאלשטענדיג גערוכלאז אונד אונגעפעהרליך. צאהלרייכע אנערקעננונגסשרייבען

| | M. | I. | II. | III. |
|---|---|---|---|---|
| „מאנדליכט" מאָדעלל | | | | |
| פרייזע: קראָנען: | 3·60. | 4·80. | 7·— | 11·— |

פראנקא אונד אינקלוזיווע פערפאקונג געגען פאראיינזענדונג אדער נאכנאהמע דעם בעטראגעס.

**Mondlichtwerk A. Seib jun. Warnsdorf 53/337 Böhmen**




**Sensationelle Neuheit!**

**Bereits über die Ganze Welt verbreitet!**

**Enorm billig!**

**MONDLICHT** ein Wunder der Chemie in jedem Hause!

Sinnreich konstruirter Apparat. Leucht unbedingt selbständig. Kein Brennstoff nötig, keine Wartung, daher garantir kostenlos und daurend im Gebrauch. Vollständig geruchlos und ungefährlich. Zahlreiche Anerkennungsschreiben.

| Mondlicht Modell | M. | I. | II. | III. |
|---|---|---|---|---|
| Preise: Kronen | 3.60, | 4.80, | 7.— | 11.— |

Franko und inklusive Verpakung gegen Voreinsendung oder Nachnahme des Betrages.

**Mondlichtwerk A. Seib jun**

**Warnsdorf 53/337 Bohmen.**



---

## העברעאישער פערנאונטעררישט.

דורך מײנע 32 קונסטפאלע העברעאישע אונטעררישטס־בריעפע וועלכע איינען גרויסען טהייל דער העברעאישען ליטעראטור אין פראזא און פאעזיע אונד די גאנצע גראמאטיק אין פער שיעדענען איבונגען ענטהאלטע קאן יעדערמאן דיא העברעאישע שפראכע אין קורצער צייט לייכט אונד גרינדליך אין ווארט אונד שריפט ערלערנען. האבע הונדערטער דאנקזאגונגען פאן שילערן.

פראספעקטע גראטיס. פראבענומער 1 קראנע אין מארקען. אויך אויסלענדישע

**S. Walkowski, Krakau, Miodowa 16** Postfach 119

---

א יונגער, סאלידער

## אוהרמאכער־געהילפע

אויך איין זאלכער, דער נוטע גאכלעהרע ברויכט, ווירד אויפגענאמען ביי

I. TRIEBWASSER, Uhrmacher

SOŁOTWINA bei Stanislau.

---

## HOTEL-RESTAURANT

## Rosenthal

**Lemberg.**

**Rzeźnicka.**

Telefon Nr. 1314.

---

## Wilhelm Kupfermann

**Krakau, Gertrudy 29.**

עספפיעהלט נאו־נעטצען פאמענט ראם א 30 העללער פער שטיק, זעמטליכע **בעשטאנדטהיילע פיר גאזאיינריכטונגען, דאכציעגעל.** מארקע דער פירמא „אוניאן", בוימאטעריאל־גענעלשאפט, וויען, **כראמינפאפע, דאכפאפע** עטצ.

כעשטעלונגען יעדען פראמפט אויסגעפיהרט.

Pierwszy krajowy, hurtowny i częściowy
**Skład Gramofonów**
**Józefa Wekslera**

| we Lwowie | w Krakowie |
|---|---|
| Sykstus a 2 | Grodzka 71 |
| Telefon 2033/II | obok Wawelu |

poleca swoje slanowczo **bez szmeru najlepiej grające Gramofony**, oraz płyty z marką »Piszący Aniołek«, uznane przez pierwszorzędnych znawców za **najlepsze i najtrwalsze**



Odznaczona na Wystawie Jubileuszowej we Lwowie w październiku 1908. najwyższem odznaczeniem Grand Prix

**Cenniki darmo i opłatnie.**

**20.000** płyt polskich, ruskich i żydowskich zawsze na składzie. **20.000**

**KORZYSTNA WYMIANA PŁYT**

Części składowe i warsztaty reparacyjne na miejscu

**Gramofon koncertowy z 10 płytami 60 K.**

Przeróbka lub zamiana Pathéfonów na gramofony, oraz wielki wybór Pathéfonów i płyt.



**Jeneralne zastępstwo**
Towarzystwa Ack. Gramofonów
z marką »PISZĄCY ANIOŁEK«



---

נעעהרטע הויזפרוי!

מיר ערזוכען איייך העפליכסט, אכטונג צו נעכען און זיך נישט צו לאזען טייישען דורך דעם לויב פון: נייע: ציקאריע־פאקונגען, נאך צו זיין אינבע־ציינט. אז דער

## עכטע: פראנק: קאפע־צוזאץ

וועלכען זי האבען שאן ביי זיך צו הויזע זייט מעהרערען יאהרען אויספראבירט, איזט דיע בעסטע אונד ווירד עס אויך ווייטערהין: פערבלייבען: —

מיר ערזוכען אבער זעהר, נענוי אכט צו נעבען אויף אונזער פאבריקס־מארקע און אינזער אונטערשריפט:

*Henryka Francka synowie*



---





די ערשטע ווא־שאווער פאבריק
## פון נילזען
## אונד מונדשטיקען
**Lucjan Nowinski**
**Warszawa, Leszno Nr. 8**

וועלכע איז איבעראל בעוואוסט מיט איהרע גוטע מאשינען און וועלכע האט אייך פיעל געליעפערט אין דעם עסטרייכישען קאיזערליכען מאנאפאל, כאכט בעקאנט, אז זי האט די לעצטע צייט פיעל איינגעבעסערט די קאנסטרוקציאן פון איהרע מאשינען, וועלכע נעבען ארויס טעגליך פון 75 ביז 100 טויזענד נילזען. די איינריכטונג פון די נייע מאשינען איז אזוי לייכט און פערשטענדליך, אז זאגאר א קליינער יונג פון 12 יאהר קען זיך מיט איהר אומגעהען. די מאשינען זענען אויך מיט דרוק־אפאראטען פערזעהען און נעבען ארויס געסטעמפעלטע נילזען מיט 2 קאלירען. וועלכע קומען ארויס נאט אויף נאט (szew בת szew).

מעסיגע פרייזען, פרייזקוראנטען גראטיס.

---

## וואס איזט יאנאל?

## יאנאל

איז דאס בעסטע אללער אינסעקטענפערטילונגס־מיטטעל
דען עס טעטעט אונפעהלבאר

וואנצען, שוואבען, רוססען, מייזע, ראטטען.

פיר מענשען אונד הויזטיערע אבסאלוט אונשעדליך.
דיא העלפטע בילליגער אלס אללע אנדערען מיטטעל.

יאנאל איזט נור צו האבען ביים ערציינער אונד ערפינדער:
**FRANZ SCHERHAG, WIEN XIV. Sechshauserst. 73.**
Chemiker u. k. k. Patent-Inhaber.

פרייז פער $\frac{1}{2}$ קג.־פאקעט קראנען 2.

פערזאנד נעגען נאכנאהמע אדער פאראייננזענדונג דעם בעטראגעס.
פערטרעטער אין אללען ארטען געזוכט.

---

## פרץ קליינבערגער
### שוהמאכערמייסטער

| | |
|---|---|
| אבסאלווענט דעם וואנדערמייסטער־קורזעס פיר שוהמאכער דעם ק. ק. געווערבעפערדערונגסדיענסטעס אים יאהרע 1905 אין קראקוי. | אבסאלווענט דעם מוסטערבעטריעבעס פיר שוהמאכער דעם ק. ק. געווערבעפערדערונגסאמטעס אין וויען אים יאהרע 1909. |

עמפפיעהלט זיך צור **אנפערטיגונג זעמטליכער עלעגאנטער הערען־ אונד דאמענשוהע** נאך נייעסטען פאזאנען.

רעפאראטורען ווערדען פראמפט, סאליד אונד בילינ אויסגעפיהרט.

**Krakau, Krakowska 29.**



---

# צוויי יודישע לעהרלינגע

וואס קענען יודיש און העברעאיש שרייבען און לעזען ווערען תיכף אויפגענומען אין דער בוכדרוקעריי

**Josef Fischer, Krakau, Grodgasse 62.**

---

# Wiedeński Bank Związkowy

## FILIA W KRAKOWIE Rynek Główny, Linia A-B 44.

Kapitał akcyjny 130 milionów Koron. Fundusze rezerwowe 39 milionów koron.



Przyjmuje **wkładki** w rachunku bieżącym i na **książeczki wkładkowe**. — Podatek rentowy opłaca bank z własnych funduszów. Kupno i sprzedaż papierów wartościowych, walut i dewiz. Udziela pożyczek wekslowych i na zastaw papierów. Przyjmuje walory w przechowanie. Wypłaca kupony i wylosowane efekta. Przyjmuje wszelkie zlecenia giełdowe. Udziela ustnych i pisemnych wskazówek w tym kierunku.



Wydawca: M. Fischer. — Odpowiedzialny redaktor: J. Kreppel. — Drukarnia Józefa Fischera w Krakowie.